# געקליבענע מקורים
## צו דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן און מזרח־איראָפּע

העפט 1ב.

## מ י ט ל אַ ל ט ע ר
(ביז צום יאָר 1506)

באַארבעט:

ד״ר עמנואל רינגעלבלום און ד״ר רפאל מאהלער

ר ע ק אָ מ ע נ ד י ר ט ד ו ר ך ד ע ר ״ י ד י ש ע ר ש ו ל ־ אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע

פ אַ ר ל אַ ג „ק ו ל ט ו ר ־ ל י ג ע", װ אַ ר ש ע

ISBN:0-657-12246-7 

# געקליבענע מקורים
## צו דער געשיכטע פון די יידן אין פוילן און מזרח-אייראָפּע

העפט 1ב.

### מיטלאַלטער
(ביז צום יאָר 1506)

באַאַרבעט:

ד"ר עמנואל רינגעלבלום און ד"ר רפאל מאַהלער



רעקאָמענדירט דורך דער יידישער שול-אָרגאַניזאַציע

פאַרלאַג „קולטור-ליגע", וואַרשע

Printed in Poland

# TEKSTY ŹRÓDŁOWE
do nauki historji Żydów w Polsce i we wschodniej Europie

---

Opracowali :

D-r Emanuel Ryngelblum
i D-r Rafał Mahler

---

Spółdz. Wydawn. „Kultur-Liga"
Warszawa 1930

---

קאָרעקטור — מ. סאָרלערער

---

Druk. „Di Welt" Warszawa, Nowolipie 7

## תוכן :

# V. די רעכטלעכע לאַגע.

## 1. דער קאָלישער פּריווילעג.

(אַריינפיר-באַמערקונג).

דעם 16 סעפּטעמבער 1264 האָט דער פירשט באָלעסלאַוו דער פרומער געגעבן די יידן פון דער שטאָט קאָליש אַ פּריווילעג פאַר די יידן פון גרויספּוילן, גערופן דער קאָלישער סטאַטוט. דערדאָזיקער פּריווילעג, דער יסוד פון דער רעכטלעכער לאַגע פון די יידן אין פּוילן ביזן סוף פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, איז נישט קיין אָריגינעלער. אַלס מוסטער פאַר אים האָבן געדינט: דער פּריווילעג פון פרידעריק דעם מוטיקן פון יאָר 1244 פאַר די עסטרייכישע יידן, די פּריווילעגן פון אונגאַרישן קעניג בעלאַ דעם IV-טן פון יאָר 1251 און 1256 און דער פּריווילעג פון אָטטאָקאַר דעם III-טן פון משעכיע פון יאָר 1254 און 1255.

דער קאָלישער פּריווילעג האָט ווידער געדינט אַלס מוסטער פאַר די שלעזישע פירשטן: פאַרן פּריווילעג פון באָלקאָ דעם I, דעם פירשט פון שלעזיע און פירסטענבערג אין יאָר 1295 און פאַר דעם פּריווילעג פון היינריך דעם הערצאָג פון גלאָגוי אין יאָר 1299. ווי ס'איז שוין אויבן געזאָגט איז דער קאָלישער פּריווילעג נישט קיין אָריגינעלער, בסך-הכּל געפינען מיר 3 פּונקטן, וואָס געפינען זיך נישט אין די מוסטערן פון קאָלישער פּריווילעג, דאָס זענען: פּונקט 33 (וועגן פאַרמשכּנען אַ פערד בלויז בייטאָג), פּונקט 34 (וועגן באַשולדיקן יידן אין פעלשן מטבעות) און פּונקט 35 (וועגן דער פליכט פון די קריסטלעכע שכנים צו קומען צוהילף אַ באַפאַלענעם ייד).

דער אָריגינאַל פון באָלעסלאַווס פּריווילעג איז נישט אויפגעהיט געוואָרן. די עלטסטע אָפּשריפט געפינט זיך אינם סטאַטוט פונם קאַנצלער יאַן לאַסקי, וועלכער האָט אויפן באַפעל פון קיניג אַלעקסאַנדער צונויפגענומען אַלע געזעצן, זיי געלאָזט באַשטעטיקן דורכן ראַדאָמער סיים אין יאָר 1506 און דערנאָך פאַרעפנטלעכט. אין דער אמתן אָבער איז דער פּריווילעג אין לאַסקיס סטאַטוט נישט דער אָריגינאַל פון באָלעסלאַוו דעם פרומען, נייערט די באַשטעטיקונג פון קאַזשימיערזש דעם גרויסן פון יאָר 1334 (9 אָקטאָבער).

נאָך אַ גענויערן אַנאַליז קומט דער געלערנטער פ. בלאָך אין זיין בוך „וועגן

די גענעראַל־פּריווילעגן פון די פּוילישע ייִדן" צום אויספיר, אַז דער לאַסקישער פּריווילעג איז נישט געבליבן אין אַלע פּונקטן געטריי זיין אָריגינאַל, נאָר, אַז אַ טייל פּונקטן זענען געענדערט געוואָרן, אַנדערע ווידער, געפעלשט. לויט אייניקע היסטאָריקער (הובע א. אַ.) איז דער אויביקער פּריווילעג חל געווען אויף די ייִדן פון גרויספּוילן.

דעמדאָזיקן פּריווילעג פון באָלעסלאַוו האָט שפּעטער קאַזשימיערזש דער גרויסער אין יאָר 1364 (דעם 15 יולי) נאָך אַמאָל באַשטעטיקט אין קראָקע, דאָס מאָל — פאַר די ייִדן פון גאַנץ פּוילן. אין דער הקדמה צום פּריווילעג רעדט זיך נישט, אַז דער פּריווילעג איז אַ באַשטעטיקונג פונם באָלעסלאַווישן פּריווילעג; אַ גענויערער אַנאַליז ווייזט אָבער אויף, אַז דאָס איז כמעט אַ וואָרט־ווערטלעכע איבערזעצונג פון די באָלעסלאַווישע פּונקטן.

דער דריטער פּריווילעג פון קאַזשימיערזש דעם גרויסן איז דער פּריווילעג פון 25 אַפּריל 1367. דערדאָזיקער פּריווילעג איז שרעקלעך באַשעדיקט, נישט געקוקט דערויף איז ער אין אַזאַ פאָרם באַשטעטיקט געוואָרן דורך די שפּעטערדיקע פּוילישע מלכים: קאַזשימיערזש דעם יאַגיעללאָנער, זיגמונט דעם I־טן, זיגמונט אויגוסט א. אַ. צווישן דעמדאָזיקן סטאַטוט און זיין באָלעסלאַווישן מוסטער זענען פאַראַן אַ סך טיפע אונטערשידן בנוגע דעם אינהאַלט, אָנשטאָט וואָיעוואָדעס אַלס פירשטלעכע באַאמטע לגבי די ייִדן האָבן מיר דאָ צו טון מיט סטאַראָסטעס א. אַ. דערפון דרינגט פּ. בלאָך, אַז דאָס איז נישט געווען קיין באַשטעטיקונג, נאָר אַן אָריגינעלער אַקט. דער אויביקער פּריווילעג איז חל געווען אויף די ייִדן פון קליינפּוילן.

אויסער די אויסגערעכנטע פּריווילעגן איז נאָך פאַראַן אַ פּריווילעג, באַקאַנט אונטערן נאָמען דער באָלעסלאַוויש־קאַזשימירישער, אויפגעהיט אין דער באַשטעטיקונג פון יאָר 1453 דורך קאַזשימיערזש דעם יאַגיעללאָנער. דעמדאָזיקן סטאַטוט האָבן באַקומען די גרויספּוילישע ייִדן. דערנאָך האָבן אים באַשטעטיקט פאַרשידענע פּוילישע קיניגן ווי סטעפאַן באַטאָרי, זיגמונט דער III־טער א. אַ.

דערדאָזיקער פּריווילעג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פּלוגתּא אין דער וויסנשאַפט, וואָרים ס'איז ביי אים נישט אָנגעגעבן, ווי ביי אַנדערע פּריווילעגן, נישט די דאַטע פון אויסשטעלן דעם פּריווילעג, נישט דאָס אָרט, וווּ מען האָט אים אָנגעשריבן און נישט די עדות, וועלכע זענען דערביי געווען. דעריבער האַלטן אים מאַנכע היסטאָריקער פאַר אַ געפעלשטן. די עיקר אונטערשיידן צווישן דעם באָלעסלאַוויש־קאַזשימירישן פּריווילעג און זיין באָלעסלאַווישן מוסטער זענען די, אַז דאָ ווערט די ייִדן דערלויבט צו באַרגן געלט אויף שולד־בריוו און היפּאָטעקן, בעת דאָרט איז עס פאַרווערט. אונטערשיידן זענען אויך פאַראַן בנוגע דעם סטיל, דער באָלעסלאַוויש־קאַזשימירישער איז אַ גענויער, אַ באַריכותדיקער, בעת דער באָלעסלאַווישער איז אַ קורצער, אַ קאָנדענסירטער. ס'זענען פאַראַן נאָך אונטערשיידן. נישט אַלע היסטאָריקער זאָגן זיך אַרויס דערפאַר, אַז דער־דאָזיקער פּריווילעג איז אַ געפעלשטער, מאַנכע האַלטן אים פאַר אַן אויטענטישן (בלאָך, שאָר קענטשינסקי, שיפּער א. אַ.). די אָפּוועזנהייט פון די שררות אַלס עדות

דערקלערן זיי דאָ דערמיט, װאָס די פּריצים זענען געװען קעגן דעם פּריװילעג, װאָס דערלויבט די יידן צו באָרגן געלט אויף היפּאָטעקן, און צװייטנס, הײות װי די יידן זענען געװען דעם קיניגס קנעכט איז דאָ גישט נײטיק געװען די אָנװעזנהייט פון די שררישע עדות. אויף אן ענלעכן שטייגער װאַרפן זיי אָפּ די אנדערע פאָרװורפן.

דער פּריװילעג, װאָס װערט דאָ געבראַכט איז דער לאַסקישער, אַלזאָ דער באַלעבלאַװישער אין קאַזשימיערזש דעם גרויסנס באַשטעטיקונג.

---

## 1. דער סטאַטוט פון באָלעסלאַוו דעם קאָלישער.

(לויט דער באַשטעטיקונג פון קאַזשימיערזש דעם גרויסן פון יאָר 1334).

יאָר 1264.

אין גאָטס נאָמען, אָמן. די ענינים פונם מענטשלעכן מין, אויב זיי ווערן נישט אונטערגעשטיצט דורכן וואָרט פון עדות, אָדער דורך אַ באַשטע־טיקונג פון אַ כתב, לויפן שנעל אַדורך און פאַלן כמעט אַרויס פונם מענטשלעכ־זכרון. דעריבער זענען מיר, באָלעסלאַוו פון גאָטס גנאָד, פירשט פון גרויס־פוילן, מודיע סיי די וואָס לעבן איצט, סיי די שפּעטערדיקע, צו וועמען דאָס דאָזיקע געשריפט וועט דערגיין, אַז די סטאַטוטן און פּריווילעגן פון אונזערע יידן, וואָס וווינען אין אַלע לענדער פון אונזער מלוכה, וועלכע זיי האָבן פון אונז באַקומען זענען וואָרט־ווערטלעך אונטן אָנגעשריבן און מיר ווילן, אַז זיי זאָלן ווערן אויסגעטייטשט אויף אַזאַ אופן:

### § 1. אַ קריסט טאָר נישט ווערן צוגעלאָזט אַלס עדות אַקעגן אַ ייד, ביז וואַנען ער וועט עס נישט באַ־ווייזן דורך אַ ייד און אַ קריסט.

קודם־כל באַשליסן מיר, אַז בנוגע געלט אָדער אַ וועלכער נישט איז באַוועגלעכער אָדער נישט־באַוועגלעכער זאַך אָדער בנוגע אַ קרימינאַל־ענין, וועלכער איז שייך צו דער פּערזאָן אָדער צום אייגנטום פון אַ ייד, טאָר מען נישט צולאָזן קיין קריסט אַלס עדות אַקעגן אַ ייד, סיידן (ווען דער קריסט וועט אַרויסטרעטן מיט עדות) מיט אַ ייד און אַ קריסט.

### § 2. אויב אַ קריסט לאָדנט אַ ייד וועגן משכנות און דער ייד לייקנט (עס), דעמאָלט וועט דער ייד פריי זיין דורך זיין שבועה.

אויב אַ קריסט מאַכט שווערקייטן אַ ייד, טענהנדיק, אַז ער האָט ביי אים פאַרמשכנט זאַכן, און דער ייד זאָגט, אַז ניין און דער קריסט וועט נישט

גלויבן דעם ייד אויפן וואָרט, דעמאָלט איז דער ייד מחויב צו שווערן וועגן דעם ווערט פון דער פאַרמעכּנטער זאַך, און ער וועט זיין פריי.

## § 3. אויב אַ קריסט באַהויפּטעט, אַז ער האָט פאַרזעצט ביי אַ ייד [אַ זאַך] פאַר אַ קלענערן סכום, ווי ס'זאָגט דער ייד, דאַרף דער ייד באַווייזן מיט זיין שבועה. (אַז ער האָט די זאַך [באַקומען אַלס משכּון] פאַר אַ גרעסערן סכום).

אויב אַ קריסט וועט פאַרזעצן ביי אַ ייד אַ משכּון און וועט טענהן, אַז ער האָט עס פאַרזעצט ביים ייד פאַר אַ קלענערן סכום, ווי ס'איז מודה דער ייד, [דעמאָלט] זאָל דער ייד שווערן וועגן משכּון, וואָס איז ביי אים פאַרזעצט, און ער וועט [דאָס] באַווייזן מיט זיין שבועה; דער קריסט טאָר זיך [דערנאָך] נישט אָפּזאָגן אים [דעם ייד] צו באַצאָלן.

## § 4. אויב אַ ייד וועט טענהן, אַז ער האָט עפּעס געבאָרגט אַ קריסט, דאַרף זיך דער קריסט ריינוואַשן דורך אַ שבועה.

אויב אַ ייד וועט אָן עדות טענהן, אַז ער האָט געבאָרגט אַ קריסט אַ משכּון און יענער וועט זאָגן, אַז ניין, [דעמאָלט] וועט זיך דער קריסט מיט זיין אייגענער שבועה [קענען] אַליין ריינוואַשן פון דערדאָזיקער זאַך.

## § 5. אַ ייד מעג נעמען פאַר אַ משכּון כּלערליי זאַכן אַ חוץ קירכלעכע כּלים און פאַרבלוטיקטע מלבּושים.

אַ ייד מעג נעמען פאַר אַ משכּון אַלץ, וואָס מען וועט ביי אים פאַר־זעצן, ווי דאָס זאָל נישט הייסן, נישט מאַכנדיק וועגן דעם קיין שום אויס־פאָרשונג, מיטן אויסנאַם פון פאַרבלוטיקטע מלבּושים און קירכלעכע חפצים, וועלכע ער טאָר פאַר קיין פאַל נישט אָננעמען.

## § 6. אַ ייד דאַרף אָפּגעבן אַ שבועה אַקעגן אַ קריסט, אַז בעת מען האָט ביי אים פאַרזעצט דעם משכּון,

## האָט ער נישט געוווּסט, אַז דער משכּון זאָל זיין געגנבעט אָדער מיט געוואַלט צוגענומען.

אויב אַ קריסט וועט לאָדן אַ ייד [טענהנדיק], אַז דער משכּון, וועלכן דער ייד האָט, איז ביי אים צוגענומען געוואָרן בדרך גנבה אָדער דורך געוואַלט, דאַרף דער ייד וועגן יענעם משכּון שווערן, אַז בעת ער האָט אים דערהאַלטן האָט ער נישט געוווּסט, אַז ער איז אַ געגנבעטער אָדער אַ געגזלטער; ער דאַרף [נאָך] אַריינרעכענען אין זיין שבועה [אַ דערקלערונג] פאַר וויפיל [געלט] מען האָט ביי אים פאַרזעצט דעם משכּון; נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַזוי-אַרום ריינגעוואַשן דאַרף אים דער קריסט געבן און באַצאָלן דעם קרן מיט דעם וווּכער, וואָס איז אין דער צייט אָנגעוואָקסן [1].

## § 7. אויב אַ קריסט האָט עפּעס פאַרזעצט ביי אַ ייד, און דער ייד האָט צוזאַמען מיט דער זאַך אויך פאַרלוירן זיינע אייגענע זאַכן, דעמאָלט וועט דער ייד אָפּגעבן אַ שבועה און וועט זיין פריי.

אויב ביי אַ ייד ווערן אָדער דורך אַ שׂרפה אָדער דורך אַ גנבה אָדער דורך אַ געוואַלט-טאַט אַוועקגענומען זיינע זאַכן [צוזאַמען] מיט זיינע פאַרזעצטע משכּנות און דאָס וועט זיין באַוווּסט, און דער קריסט, [וועלכער] האָט ביי אים [עפּעס] פאַרזעצט, וועט נישט געקוקט דערויף באַלעסטיקן [דעם ייד], וועט יענער זיך באַפרייען [פון דער באַשולדיקונג] דורך זיין אייגענער שבועה.

## § 8. [2]) די שטאָט זאָל נישט אַרויסטרעטן [געריכטלעך] אַקעגן אַ ייד, נייערט דער מושל אָדער דער וואָיע-

---

1) די פראַגע פון געגנבעטע זאַכן האָט אָפט געבראַכט צו סכסוכים צווישן יידן און קריסטן. דאָס קראָקעווער בירגערטום קלאָגט זיך אינם מעטאָריאַל פון יאָר 1369, אַז אין שטאָט מערן זיך באַנדעס גנבים, וועלכע פאַרקויפן יידן געגנבעטע זאַכן. אויך דער שרייבער סטאַניסלאַוו זאַבאָראָווסקי טרעט שאַרף אַרויס אַקעגן די פּריווילעגן פון די יידן בנוגע געגנבעטע חפצים.

2) פון פונקט 8 אָן פון אַ סך אַנדערע דרינגט-אַרויס, אַז די רעכטלעכע לאַגע פון די פּוילישע יידן איז געווען ענלעך צו זייער מעמד אין מערב-אייראָפּע, ווו זיי זענען געווען באַטראַכט פאַר קאַמערקנעכט. דאָ רעדט זיך אפילו נישט וועגן דעם בפירוש, דאָס דרינגט אָבער אַרויס דערפון, וואָס דער פירשט איז

וואָדע, און דאָס רעכט צו משפּטן אַ פאַרברעכן פון אַ יידישער פערזאָן געהערט בלויז צו דעם מושל.

אויב עס וועט אויסברעכן צווישן יידן אַ סכסוך אָדער אַ מלחמה, זאָל זיך דער שופט פון אונזער שטאָט נישט נעמען קיין שום רעכט צו משפטן צווישן זיי, נייערט מיר אַליין וועלן אויספירן דאָס גריכט אָדער אונזער וואָיעוואָדע אָדער זיין שופט, אויב אָבער דאָס פאַרברעכן איז געווענדעט אַקעגן דער פערזאָן דאַרף אַזאַ מין פאַל איבערגעגעבן ווערן בלויז אונז אַליין צום משפּטן.

## § 9. די שטראָף, וועלכע מען דאַרף צאָלן פאַר אַ יידישע ווונד לויט אַ פּסק־דין דאַרף געהערן דעם אויבער־האַר, דעם וואָיעוואָדע, — און דעם פאַרוווּנדעטן [קומען] די הוצאות פאַרן היילן זיך.

אויב אַ קריסט וועט פאַרווונדן אַ ייד אויף אַ וואָסער איז נישט אופן, דאַרף דער באַשולדיקטער אונז און אונזער וואָיעוואָדע באַצאָלן — לויט דעם ווי ער קאָן געווינען אונזער גנאָד — די שטראָף, וועלכע דאַרף אַריינגעטראָגן ווערן אין אונזער אוצר און דעם פאַרווונדעטן זאָל ער צופרידנשטעלן פאַרן היילן די ווונדן און פאַר די הוצאות, ווי ס'פאַרלאַנגען און פאָדערן די געזעצן פון אונזער לאַנד.

## § 10. פאַר אַ יידישן קאָפּ געהערט די שטראָף דעם מושל, ד. ה., מ'דאַרף פאַרקויפן די גיטער [פון דעם מערדער] לטובת דעם אוצר.

[אויב אַ קריסט] וועט דערהרגענען אַ ייד, זאָל ער באַשטראָפט ווערן לויט אַ גערעכטן משפט, און אַלע באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע זאַכן פונם באַשולדיקטן וועלן אַריבערגיין אין אונזער רשות.

---

געהערן דער באַשיצער פון די יידן, וואָס די יידן פאַלן־אַרונטער אונטער דער גע־ריכטס־מאַכט פונם פירשט אָדער פון זיינע באַאמטע א.א.וו. כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּרט איז די באַשטימונג פון פּונקט 29, לויט וועלכן דער, וואָס וועט צו־נעמען ביי יידן אַ משכּון וועט באַשטראָפט ווערן „ווי אַ באַשעדיקער פון אונזער אוצר".

## § 11. פאַר אַ ברויז־ און־בלאָזע בייל דאַרף מען געבן דעם וואָיעוואָדע אַ שטראָף, און דעם פאַרוואונדעטן דאַרף מען צופרידנשטעלן.

אויב אָבער אַ קריסט וועט אָנפאַלן אויף אַ ייד אַזוי, אַז קיין בלוט וועט נישט רינען, דאַרף — לויטן מנהג פון אונזער לאַנד — דער וואָיעוואָדע איינמאָנען פון דעמדאָזיקן די שטראָף און דעם צעשלאָגענעם אָדער פאַרוואונדעטן דאַרף מען צופרידנשטעלן לויט דעם, ווי מען איז זיך נוהג אין אונזער לאַנד; אָבער טאָמער וועט דער באַשולדיקטער נישט קאָנען אויפברענגען קיין געלט וועט ער פאַר דערדאָזיקער טאַט באַשטראָפט ווערן לויט דער גערעכטיקייט.

## § 12. וועגן נעמען צאָל ביי יידן. (1

ווי אַ ייד זאָל נישט אַדורכפאָרן דורך אונזער מדינה זאָל אים קיינער נישט מאַכן קיין שום שטערונגען, נישט שטעלן קיין שום מניעה אָדער שווערינקייט, אָדער ער וועט אַדורכפירן וועלכע נישט איז סחורות אָדער קעגנשטאַנדן, פון וועלכע ס׳קומט צאָל זאָל אויך דער ייד אין אַלע צאָל־ערטער אַריינטראָגן בלויז דעם געהעריקן צאָל, וועלכן ס׳צאָלט יעדער פון די בירגער פון דער שטאָט, אין וועלכער דערדאָזיקער ייד וווינט.

## § 13. וועגן איבערפירן יידישע מתים.

מיר ווילן, אַז אויב יידן וועלן לויט זייער מנהג עמעצן פון זייערע טויטע איבערפירן פון שטאָט אין שטאָט, צי פון פראָווינץ, אָדער פון לאַנד אין לאַנד, — זאָלן אונזערע צינז־פאַכטערס גאָרנישט פון זיי אויספרעסן; און טאָמער אַ צינז־פאַכטער וועט פון זיי יאָ עפעס אויספרעסן, ווילן מיר, אַז ער זאָל באַשטראָפט ווערן ווי אַ רוצח.

## § 14. וועגן חרוב־מאַכן אַ יידישן בית־עלמין.

מיר ווילן, אַז אויב אַ קריסט וועט זייער בית־עלמין חרוב־מאַכן אָדער

---

1) פון דעם, וואָס בלויז 2 פונקטן (12, 36) זענען געווידמעט דעם האַנדל און 12 דעם קרעדיט קאָן מען נישט דרינגען, אַז דער האַנדל האָט געשפּילט אַ קליינע ראָל אינם יידישן לעבן. דער קרעדיט האָט שוין אַזאַ טבע, אַז ער פאַרלאַנגט אַ ברייטע געזעצגעבונג.

באַפאַלן, אויף וועלכן נישט איז אופן, זאָל לויטן מנהג פון אונזער לאַנד און לויט אונזערע געזעצן שטרענג באַשטראָפט ווערן און אַלע זיינע חפצים ווי זיי זאָלן נישט הייסן דאַרפן צוגענומען ווערן פאַר אונזער אוצר.

## § 15. וועגן באַפאַלן אַ יידישע שול.

מיר ווילן, אַז אויב עמעצער וועט עזותדיק וואַרפן [שטיינער] אויף יידישע שולן, זאָל ער באַצאָלן 2 שטיינער פעפער אונזער וואָיעוואָדע.

## § 16. וועגן שטראָף פונם ייד פאַרן שופט.

אויב ס'וועט זיך טרעפן, אַז אַ ייד וועט שולדיק זיין דעם ריכטער אַ שטראָף, וועלכע הייסט „וואַנדעל" [1], וואָס עקזיסטירט שוין פון לאַנג, זאָל ער דעם ריכטער באַצאָלן אַ שטיין פעפער אַלס דידאָזיקע שטראָף.

## § 17. מיט וועלכער שטראָף מען דאַרף קנסנען אַ ייד פאַר נישט פאָלגן.

אויב אַ ייד וועט דורך אַ באַפעל פון זיין שופט גערופן ווערן פאַרן געריכט און וועט צום ערשטן און צווייטן מאָל נישט קומען, זאָל ער באַצאָלן פאַר ביידע מאָל אַ שטראָף, וועלכע איז איינגעפירט פון לאַנג. אויב ער וועט נישט קומען נאָך דער דריטער לאָדונג זאָל ער דעם דערמאָנטן שופט באַצאָלן אַ שטראָף, וועלכער קומט דערפאַר.

## § 18. אויב אַ ייד וועט פאַרוווּנדן אַ ייד זאָל ער באַצאָלן דעם שופט שטראָף לויטן מנהג.

אויב אַ ייד וועט פאַרווונדן אַ ייד טאָר ער זיך נישט אָפזאָגן צו באַצאָלן זיין שופט אַ שטראָף לויטן מנהג פון אונזער לאַנד.

## § 19. ווי די יידן דאַרפן אָפגעבן אַ שבועה.

מיר באַשטימען, אַז קיין שום ייד זאָל נישט שווערן אויף זייערע ספר-תורהס, סיידן, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן גרויסע ענינים, וועלכע גרייכן

---

1) לויט בלאָכן „די גענעראַל פריווילעגיען דער פּאָלנישען יודענשאפט, ז. 21 איז „וואנדעל" אן ענטשעדיקונג אָדער געלט-שטראף.

ביז 50 גריוונעס זילבער אָדער ווען מיר וועלן רופן צו זיך (דעם באַשול־דיקטן); אין קלענערע ענינים דאַרף ער אָפּגעבן אַ שבועה פאַר דער שול, פאַר דער טיר פון דער דערמאָנטער שול.

## § 20. וועגן דעם דערהרגענען אַ ייד געהיים.

אויב אַ ייד וועט געהרגעט ווערן געהיים, אַזוי, אַז מען וועט נישט קאָנען פעסטשטעלן דורך עדות, ווער ס'האָט אים דערהרגעט, און די יידן וועלן נאָך דער אויספאָרשונג האָבן אויף עמעצן אַ חשד, וועלן מיר לויטן געזעץ צו־הילף קומען די יידן אַקעגן דעם (פאַרדעכטיקטן) אין דערהרגענען אַ ייד.

## § 21. וועגן אַ געוואַלטטאַט, וועלכע מען באַגייט לגבי יידן באַלערנט דאָס לאַנד־געזעץ און דאָס געריכט.

אויב קריסטן וועלן זיך מיט אימפּעט וואַרפן מיט די הענט אויף אַ ייד, דאַרפן זיי באַשטראָפט ווערן לויט דעם, ווי דאָס פאַרלאַנגט דאָס געזעץ פון אונזער לאַנד.

## § 22. וועגן דער מאַכט פון (יידישן) שופט.

דער יידישער ריכטער זאָל קיין שום ענין, וואָס האָט געטראָפן צווישן יידן, נישט ברענגען פאַר אַ געריכט, ביז וואַנען ער וועט נישט גערופן ווערן דורך אַן אָנקלאַגע. און די יידן דאַרפן געמשפט ווערן פאַר די שולן אָדער (אין די ערטער), וועלכע זיי וועלן זיך אויסקלויבן.

## § 23. וועגן אָנוווקס פון וווּכער [1].

אויב אַ קריסט וועט אָפּנעמען זיין משכון ביי אַ ייד און וועט נישט באַצאָלן דעם וווּכער און וועט אים נישט דעקן אין משך פון אַ חודש, זאָל צו יענעם וווּכער צוּוואַקסן (דער נייער) וווּכער.

---

1) ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דער קאָלישער פּריווילעג פאַרנעמט זיך נישט מיטן צינז־פוס, הגם זיין מוסטער, דער פּריווילעג פון פרידעריק דעם מוטיקן פון 1244 טוט עס יאָ. די סיבה איז אַ גאַנץ פּשוטע. אינם אינטערעס פון קיניג איז געווען, אַז די יידן זאָלן וואָס מערער וווּכער נעמען, כּדי אַזוי־אַרום זאָל דער קיניג זיין ביכולת צו נעמען ביי זיי העכערע שטייערן.

## § 24. וועגן אויפהאַלטן זיך ביי אַ ייד.

דער ייד זאָל קיינעם נישט מוזן געבן ביי זיך קעסט און קוואַרטיר [1].

## § 25. וועגן שולד־בריוו און וועגן האַלטן אומבאַוועגלעכע גיטער [2].

מיר באַשליסן: אויב אַ ייד וועט לייען געלט אויף [אַ מ ש כ ו ן פ ו ן] נחלאות אָדער אויף בריוו פון אומבאַוועגלעכע גיטער און דאָסדאָזיקע וועט באַווייזן דער, וועמענס אייגנס דאָס איז, דעמאָלט זאָגן מיר אָפּ דעם ייד [ד אָ ס ר ע כ ט א ו י ף] די גיטער.

## § 26. וועגן יידישע קינדער.

מיר ווילן, אַז אויב עמעצער [אַ מאַן צי אַ פרוי] וועט אַוועקרויבן אַ יידיש קינד, זאָל ער באַשטראָפט ווערן ווי אַ גנב.

## § 27. וועגן דער מאַכט פון [יידישן] שופט.

אויב אַ ייד וועט נעמען ביי אַ קריסט אַ משכון און אים האַלטן במשך

---

1) איינע פון די וויכטיקסטע הנחות פאַר די יידן איז געווען דאָס באַפרייען זיי פון ד. א. ג. סטאַציאַ, ד. ה., פון דער פליכט אויסצוהאַלטן דעם פירשט אָדער זיינע באַאַמטע בעת ער קומט אַראָפּ אין אַ געגעבענעם אָרט. אין דעם פּרט זענען די יידן גלייך געווען צו דער שליאַכטע.

2) דערדאָזיקער פונקט פאַרווערט די יידן דאָס באָרגן געלט אויף היפּאָטעק, אין קעגנזאַץ צום פּריווילעג פון באָלעסלאַוו דעם פרומען. אין די שפּעטערדיקע פּריווילעגן פון דעמזעלבן קאַזשימיערזש איז דידאָזיקע גזרה בטל־געוואָרן און דאָס באָרגן אויף שולד־בריוו און משכנות פון הייזער און גיטער איז בפירוש דערלויבט. די שליאַכטע האָט אָבער קיינמאָל נישט געוואָלט שלום־מאַכן מיט דעמדאָזיקן פונקט אינם פּריווילעג און זי האָט עטלעכע מאָל אַרויסבאַקומען פון די פּוילישע מלכים גזרות, וועלכע האָבן אים בטל־געמאַכט, ווי, למשל, דער קליין־פּוילישער סטאַטוט פון קאַזשימיערזש דעם גרויסן פון דעם יאָר 1347. דער דוואָרטער סטאַטוט פון װלאַדיסלאַוו יאַגיעלאָ פון דעם יאָר 1423, דער ניעשאַווער סטאַטוט פון קאַזשימיערזש דעם יאַגיעלאָנער פונם יאָר 1454. די שליאַכטע האָט אויף אַזאַ אופן געוואָלט אוממעגלעך מאַכן יידן דעם ערד־באַזיץ, גלייך ווי זי האָט פאַרווערט די מיעשטשאַנעס דאָס דערווערבן נחלאות אין די צייטן פון יאַן אָלבראַכט, אינם יאָר 1496.

פון אַ יאָר [און] זיין ווערט וועט נישט איבערוועגן די אויסגעבאָרגענע געלט-סומע דאַרף דער ייד ווייזן זיין שופט דעם משכון. וועט אָבער דער משכון נישט זיין קיין גוטער, זאָל ער אים ווייזן אונזער וואָיעוואָדע אָדער זייך שופט [און] דערנאָך וועט דער ייד האָבן דאָס רעכט [אים] צו פֿאַרקויפֿן. אויב [אָבער] דערזעלבער וועט דעם משכון ווייזן זיין שופט פאַרן פאַרלויף פון אַ יאָר און דער משכון וועט ביים ייד פאַרבלייבן אַ יאָר מיט אַ טאָג [1], דעמאָלט וועט דער ייד מער נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך [פאַר דעם משכון].

## § 28. די יידן זאָל מען נישט משפּטן אין זייערע יום-טובים.

מיר ווילן, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערוועגן צו מאָנען ביי אַ ייד אין יום-טוב אַ משכון אָדער דאָס געלט פאַר אַ משכון.

## § 29. וועגן צונעמען מיט געוואַלט ביי יידן פאַרזעצטע חפצים.

אַ יעדער קריסט, וואָס וועט מיט געוואַלט אָפּנעמען זיין משכון ביים ייד אָדער וואָס וועט באַגיין געוואַלטטאַטן אין זיין הויז, זאָל שטרענג באַשטראָפט ווערן, ווי אַ באַשעדיקער פון אונזער אוצר.

## § 30. יידישע פאַרברעכנס זאָלן געמשפּט ווערן אין זייערע שולן.

אַקעגן אַ ייד מעג מען אַרויסטרעטן געריכטלעך אין [זייערע] שולן, ווו ס׳ווערן געמשפּט אַלע יידן. אַן אויסנאַם זענען מיר און אונזער וואָיעוואָדע, וואָס האָבן דאָס רעכט זיי איינצולאַדן צו זיך.

## § 31. בעת מען וועט אַ ייד באַשולדיקן אין דערהרגענען אַ קינד.

לויט די פאַראָרדנונגען פונם פויפּסט [1], דעם הייליקן פּיאָטר, פאַרבאָטן מיר צום שטרענגסטן צווישן אַנדערע צו באַשולדיקן יידן, אַז זיי געברויכן מענטשלעך בלוט, ווייל לויט די תקנות פון [זייער] געזעץ האַלטן זיי זיך אַלע אָפּ פון [געברויכן] יעדן מין בלוט. טאָמער וועט אָבער אַ ייד יאָ ווערן באַשולדיקט אין דערהרגענען אַ קריסטלעך קינד, — דאַרף ער ווערן

1) „אַ יאָר מיט אַ טאָג" האָט באַדייט אין דער דעמאָלטיקער געריכטס-פּראַקטיק אַ יאָר מיט זעקס וואָכן. פאַרגלייך דאָס ווערטל „אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך".

באַשולדיקט (ד. ה. זיין שולד דאַרף ווערן באַוויזן דורך דריי קריסטן אונ דורך אַזוי-פיל יידן (אַלס עדות). אויב זיין שולד וועט אַזוי-אַרום דער וויזן ווערן, זאָל דער דערמאָנטער ייד ליידן נאָר אַזאַ שטראָף, מיט וועלכער מען באַשטראָפט בדרך כלל דאָס באַגיין אַזאַ פאַרברעך. און אויב די דערמאָנטע עדות וועלן אים נישט באַשולדיקן און ער וועט מיט אַ שבועה באַווייזן זיין אומשולד, דעמאָלט פאַרלאַנגט די גערעכטיקייט, אַז דער קריסט זאָל ליידן די שטראָף, וועלכע דער ייד וואָלט געדאַרפט ליידן צוליב אַזאַ רכילות.

## § 32. וויפיל דער ייד' האָט געבאָרגט אַזוי-פיל דאַרף מען אים אומקערן מיט וווכער סיי אין גאָלד סיי אין זילבער.

§ 32. מיר באַשטימען, אַז וואָס דער ייד זאָל נישט האָבן געבאָרגט, צי דאָס איז גאָלד, צי געלט, צי זילבער; פונקט אַזוי-פיל דאַרף מען באַצאָלן, אָדער אומקערן מיט אָנגעוואָקסענעם וווכער.

## § 33. וועגן פאַרזעצטע פערד.

מיר ווילן, אַז יידן זאָלן מעגן נעמען אַלס אַ משכון אַלע פערד, וועלכע זיי זאָלן נישט זיין, אָבער דאָס זאָל געשען עפענטלעך, בייטאָג; אויב מ'וועט געפינען ביי אַ ייד אַ פערד, וואָס איז צוגעגנבעט געוואָרן דורך אַ קריסט, דאַרף זיך דער ייד רייניקן דורך זיין שבועה, זאָגנדיק; אַז מען האָט ביי אים פאַרזעצט דאָס פערד עפנטלעך און בייטאָג פאַר אַזוי-פיל געלט, וויפיל ער האָט דערפאַר געגעבן און אַז ער האָט דאָס פערד געהאַלטן פאַר נישט קיין געגנבעטס.

## § 34. וועגן זוכן פאַלשע מטבעות ביי יידן.

מיר פאַרווערן אויך די מינצערס אין אונזער מלוכה צו פאַרהאַלטן אויף וואָס פאַראַ נישט איז אופן אָדער כאַפּן יידן מיט פאַלשע מטבעות אָדער מיט אַנדערע זאַכן, אַ חוץ אונזערס אַ שליח אָדער אונזער וואָיעוואָדע אָדער בכבודיקע שטאָטסלייט, (וועלכע האָבן רעכט דערצו).

## § 35. אַז אַ ייד שרייט ביינאַכט געוואַלט.

מיר ווילן, אַז אויב אַ ייד ווערט געטריבן דורך אַ גרויסער נויט צו שרייען ביינאַכט צוליב אַ געוואַלטטאַט [און] די קריסטלעכע שכנים וועלן זיך נישט באַמיען קומען אים צו הילף און וועלן נישט קומען אויף זיין געשריי: וועט יעדער קריסטלעכער שכן דאַרפן באַצאָלן דעם שופט צו דרייסיק שעלאָנגען [1].

## § 36. וועגן קויפן ביי יידן שפייז־פּראָדוקטן.

מיר באַשטימען אויך, אַז יידן זאָלן אויך אַלץ פריי קויפן און פאַר־קויפן, ברויט זאָלן זיי אָנרירן גלייך מיט קריסטן און די, וואָס וועלן דאָס פאַרווערן, דאַרפן צאָלן שטראָף אונזער וואָיעוואָדע.

און כדי די אַלע אויבן אָנגעשריבענע זאַכן זאָלן תמיד האָבן זייער קראַפט האָבן מיר אונזער איצטיקן פריווילעג מיט די אויסגערעכנטע עדות געגעבן אונזערע דערמאָנטע יידן צוליב געוואָרנטקייט און פאַרטיידיקונג, האָבן מיר עס באַפעסטיקט מיט אונזער זיגל. און די עדות פון דערדאָזיקער זאַך זענען: גראַף אַלווערט, דער קאָלישער וואָיעוואָדע, אויך דער גראַף דער קאַשטעלאַן פון גנעזן דער גראַף יאַנקאַל, דער גראַף מאַציעי, דער קאַשטעלאַן פון לאַנד, דער גראַף סגאָרזשאַני, דער קאָלישער קאַשטעלאַן גראַף דערסלאַוו דער לענדער [לאַנד] און אַ סך אַנדערע האַרן פון אונזער לאַנד.

דאָס איז געשען אין דער שטאָט קאָליש, אויפן צווייטן טאָג פון אַריינ־נעמען אין הימל די געבענטשטע בתולה מאַריאַ, דעם יאָר פונם האַר 1264, דעם אַכטן טאָג סעפּטעמבער.

# 2. רעכטלעכע באַגרענעצונגען.

## דער קליינפּוילישער סטאַטוט וועגן יידישן וווּכער.

(Helcel: Starod. prawa pol. pomn. I, 25)

יאָר 1347.

קאַפּיטל CXXXV. יידן טאָרן נישט לייען קיין געלט אויף שולד־בריוו, נאָר זיי מעגן לייען אויף אַ משכון.

---

1) פונם דייטשישן וואָרט שילינג; האָט באַטראָפן אין מיטלאַלטער 1/20 גריוונעס, אין XV־טן י״ה האָט אַ שעלאָנג געציילט 3 גראָשן.

LXXXI. יידן, וואָס לאָדן נישט פאַרן געריכט זייערע בעלי-חובות אין משך פון צוויי יאָר וועגן חוב און פראָצענטער, פאַרלירן דעם צוגעוואָקסענעם וווּכער און דאַרפן זיך צופרידנשטעלן מיט דעם, וואָס איז צוגעקומען צום חוב און צום וווּכער פון דער אויסגערעכנטער צייט [ד. ה., 2 יאָר]. [אין די צייטן פון וולאַדיסלאַוו יאַגיעללאָ האָט מען צוגעגעבן: אַלזוי פאַר יעדער וואָך נאָך אַ פערטל, ד. ה., אַ האַלבן גראָשן קאָן מען נעמען וווּכער (פון אַ גריוונע)] [1].

## דוואָרטער [2] (וואַרטאַ) סטאַטוט וועגן ייד.

(Helcel: Starod. prawa pol. pomn., 1856)

יאָר 1423.

אַזוי ווי די יידישע בייזוויליקייט איז תמיד קעגנעריש און פיינטלעך גע-

---

1) די החלטה פון קליינפוילישן סטאַטוט איז די ערשטע באַשטימונג פון דער מלוכה-מאַכט וועגן דער הויך פון צינז-פּוס. בדרך-כּלל האָט אָבער דער פּראָצענט-פּוס ביי יידן באַטראָפן אינדעראַמתן — ווי ס'באַווייזן דאָס די געריכס-ביכער — אַ גראָשן פון אַ גריוונע, ד. ה., 108 מיט אַ האַלבן פּראָצענט. אַזוי האָט אויך באַשטימט דער באַרימטער ווישליצער סטאַטוט פון יאָר 1368. ווען מיר באַטראַכטן דעם דעמאָלטיקן פּראָצענט-פּוס פון היינטיקן שטאַנדפּונקט, וועט אויסקומען, אַז דאָס איז טאַקע געווען דאָס, וואָס מיר רופן היינט אָן „וווּכער". אַנדערש וועט אָבער זיין אונזער מיינונג, בעת מיר נעמען אין אַכט די דעמאָלטיקע באַדינגונגען און קודם-כּל דעם קאָלאָסאַלן מאַנגל אין באַוועגלעכע קאַפּיטאַלן, אין וועלכע גאַנץ אייראָפּע האָט זיך געניטיקט פאַר דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע. פּוילן, וואָס איז אין פאַרגלייך מיט מערב-אייראָפּע געווען שטאַרק אָפּגעשטאַנען האָט נאָך מערער געפילט דעם מאַנגל. אויסער דעם מוז מען נאָך געדענקען וועגן די הויכע שטייערן, וואָס די יידן האָבן געמוזט צאָלן דעם קיניג, זיינע באַאַמטע און זייער אָפּט דער שטאָט און דער קירך, ווייטער, די נישט זיכערקייט פון די הלוואות א. ד. גל.

די באַשטימונג, אַז מען זאָל נישט רעכענען פּראָצענט פאַר מער ווי צוויי יאָר איז קיינמאָל נישט אָפּגעהיט געוואָרן. אין דעמזעלבען קליינפוילן פלעגן די געריכטן שפּעטער צופּסקענען יידן פּראָצענט טיילמאָל פאַר 9, 12 און אפילו 26 יאָר.

2) דער דוואָרטער סטאַטוט, אַרויסגעגעבן אונטער דער השפּעה פון דער שליאַכטע און פונם קלער האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויפן יידישן קרעדיט

שטימט צו די קריסטן, וואָרים זי איז געווענדעט נישט בלויז אַקעגן דעם גלויבן אָדער אַקעגן דעם גוף, נאָר זי אויך איז אויסן חרוב צו מאַכן דאָס האָב־און־גוטס פון די קריסטן און זיי בדיל־הדל צו שטעלן. הגם אין דער החלטה, וואָס הייבט זיך אָן [מיט די ווערטער] „ווייטער" („פּאָררא") [1]) איז זיי פאַרווערט צו געבן געלט מענטשן פון יעטוועדן שטאַנד אָדער מעמד אויף [שולד-] בריוו אָדער פאַרשרייבונג, נאָר בלויז אויף משכונות אָדער ערבות; אַזוי ווי זיי האָבן דערויף ווייניק אַכט געלייגט און האָבן נישט אויפגעהערט צו געבן [הלוואות] אויף בריוו און פאַרשרייבונגען, — דעריבער, היות, ווי מיר זענען פאַרפליכטעט און מחויב צו קומען צוהילף מיט אונזער גנאָד די אונטערטאַנען פון אונזערע לענדער, פאַרווערן מיר די יידן צו לייען געלט אויף בריוו און פאַרשרייבונגען, נאָר בלויז אויף משכונות, ווי דאָס איז אויבן געזאָגט אין דעם זעלבן פונקט. אויב ווידער עמעצער פון די יידן וועט באַווייזן אַזעלכע פאַרשרייבונגען אָדער שולד-בריוו אָדער וועט דערויף געלט געבן, [באַשליסן מיר], אַז זיי זאָלן דעמאָלט נישט האָבן קיין שום קראַפט אָדער חשיבות און דער, וואָס נעמט געלט אויף אַזאַ אופן וועט נישט זיין פאַרפליכטעט עס [דערנאָך] צו באַצאָלן.

---

אין פּוילן. דער רעזולטאַט פון דערדאָזיקער באַגרענעצונג איז געווען אַ גרויסע סטאַגנאַציע אין יידישן קרעדיט. בעת פריער זענען די הויפּט־בעלי־חובות פון די יידן געווען פּריצים, זענען עס איצט, בעת מען האָט געמעגט באָרגן בלויז אויף באַוועגלעכע משכונות, געוואָרן דער עיקר די שטאָטסלייט און די פּויערים. נישט אומעטום איז אָבער אָפּגעהיט געוואָרן די דואָרטער געזעצגעבונג. פאַראַן פאַלן, למשל, אין גרויספּוילן, ווו יידן באָרגן ווייטער אויף אַ משכון פון הייזער און נחלאות. דער דואָרטער סטאַטוט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין יאָר 1453, ווען דער קיניג קאַזשימיערזש דער יאַגיעללאָנער האָט באַשטעטיקט דעם קאָלישער פּריווילעג. אונטער דער ווירקונג פון אָלעשניצקי האָט ער אָבער צוריקגעצויגן די באַשטעטיקונג און אין יאָר 1454 האָט ער, אין ניעשאַווער סטאַטוט, ווידער געמאַכט פאַר גילטיק דעם דואָרטער סטאַטוט, שפּעטער באַשטעטיקט אים ווידער יאַן אָלבראַכט אין פּיעטרקאָווער סטאַטוט פון יאָר 1496.

1) דאָ רעדט זיך וועגן די החלטות, פון קאָלישער סינאָד, וועלכער האָט אָפּגעהאַלטן זיינע באַראַטונגען אונטערן פאָרזיץ פון מיקאָליי טראָמבאַ אין יאָר 1420.

## 3. די קירכלעכע געזעצגעבונג וועגן די יידן.

### דער ברעסלער סינאָד וועגן די יידן.

(R. Hube: Antiquissimae constitutiones synodales provinciae gnesnensis).

ר. הובע: די עלטסטע סינאָדאַלע החלטות פון דער גנעזענער פּראָווינץ).

„10 קאַפּיטל. צום שאַרפסטן פאַרווערן מיר, אונטער אַ חרם, אַלע קריסטן זיי זאָלן [אין זייערע הייזער] נישט אויפנעמען קיין יידן אָדער יידישקעס און נישט וווינען מיט זיי צוזאַמען, זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן צו פראַוועזן מיט זיי סעודות אָדער [מיט זיי] צו טרינקען, אויך טאָרן זיי זיך נישט אונטערנעמען צו טאַנצן אָדער האָפקען מיט זיי אויף חתונות אָדער סעודות; קריסטן זאָלן נישט קויפן ביי יידן פליישׁ אָדער אַנדערע שפייז-אַרטיקלען, כדי די יידן זאָלן דורך אַ כיטרער המצאה נישט פאַרסמען צופעליק די קריסטן, וועלכע זיי באַטראַכטן פאַר שונאים.

מיר זענען מוסיף, אַז אויב די יידן וועלן, אונטער אַ וועלכן נישט-איז אויסרייד, אויספרעסן פון די קריסטן אַ האַרבן און אומבאַגרענעצטן וווּכער, [דעמאָלט] דאַרפן זיך די קריסטן אָפּהאַלטן פון פאַרקער מיט זיי, ביז וואַנען זיי וועלן אינגאַנצן נישט געבן קיין באַפרידיקונג פאַר דער אומ-באַגרענעצטער באַלעסטיקונג. דעריבער, אויב מען וועט עס באַדאַרפן, זאָל דער קירכלעכער אַמט צווינגען די קריסטן זיך אָפּצוהאַלטן פון פירן מיט זיי אַ מסחר. די פירשטן אָבער באַפעלן מיר, אַז צוליב דעם זאָלן זיי נישט פיינטלעך זיין לגבי די קריסטן, נאָר זיי זאָלן זיך גיכער באַמיען אָפּצוהאַלטן די יידן פון אַזעלכע באַלעסטיקונגען.

קאַפּיטל 12. אויך צוליב דעם, וואָס ביזאיצט איז דאָס פוילישע לאַנד אַ נייע פלאַנצונג אינם אָרגאַניזם פון קריסטנטום; כדי דאָס פאָלק זאָל צופעליק נישט ווערן לייכטער אָנגעשטעקט מיט די אַבערגלויבנס און שלעכטע מידות פון די יידן, וועלכע וווינען מיט זיי צוזאַמען; כדי די קריסטלעכע אמונה זאָל לייכטער און גיכער ווערן איינגעפלאַנצט אין די הערצער פון די גלויביקע אין דידאָזיקע מקומות, [דעריבער] באַפעלן מיר בפירוש: אַז די יידן, וועלכע האַלטן זיך אויף אין דערדאָזיקער גנעזענער פּראָווינץ זאָלן נישט וווינען אויסגעמישט מיט די קריסטן, נאָר אַז די יידישע הייזער, די

וואָס שפּאַרן אָן איינע אָן די אַנדערע, אָדער וואָס זענען מיט זיך פאַר־אייניקט זאָלן זיך געפינען אין אַ באַזונדערן פערטל, כּדי אַזוי־אַרום זאָל דער יידישער ישוב זיין אָפּגעטיילט פון די קריסטלעכע דירות מיט אַ מויער אָדער אַ פּאָסע. מיר באַפעלן אויך, אַז דער בישאָף אין דער דיעצעזיע און דער דאָרטיקער הערשער זאָלן צווינגען סיי די קריסטן, סיי די יידן, ווען ס'זענען צונויפגעמישט, צום פאַרקויפן זייערע [די הייזער] אָדער איבערבייטן זיי, לויט דער אָפּשאַצונג פון בכבודיקע לייט. אויב די דאָזיקע פונאַנדערטיילונג וועט נישט אויסגעפירט ווערן ביז צום נאָנטסטן געבורטס־טאָג פונם הייליקן יאָהאַן דער טויפער, זאָל דער דיעצעזאַלער [בישאָף] פונם [געגעבענעם] אָרט, ווי אויך דער דאָרטיקער האַר וויסן, אַז אויב זיי וועלן זיך אָפּהאַלטן פון אויספירן די פליכט פון באַפעל אָדער פון פאַרבאָטן די נישט־געהאָרכזאַמע, וועט מען זיי נישט אַריינלאָזן אין דער קירך. דערווייל אָבער, אויב ס'וועט אויסקומען צו טראָגן דעם סאַקראַמענט פון מזבח לעבן די יידישע הייזער, זאָלן די יידן, דערהערנדיק דעם ערשטן קלונג, אַליין זיך באַהאַלטן אינעווייניק אין זייערע שטובן און פאַרמאַכן טיר און פענסטער. מיר באַשליסן, אַז נאָכן אַדורכפירן דידאָזיקע פונאַנדערטיילונג, זאָלן די יידן אין יעדער שטאָט נישט האָבן מער ווי איין־איינציקע שול.

קאַפּיטל 14. אויך באַפעלן מיר, אַז מען זאָל צווינגען די יידן אַריינ־צובערענגען דעם גלח פון דער פּאַראַפיע, אין וועמענס גרענעצן די יידן פאַר־בלייבן, אַלע אָפּצאָלן, לויט דעם פּסק־דין פון דעם דיעצעזאַל. דער אָפּצאָל דאַרף אַנטשפּרעכן דעם היזק, וועלכן זיי זענען גורם, צוליב דעם, וואָס זיי פאַרנעמען דידאָזיקע ערטער, וועלכע די קריסטן האָבן געדאַרפט באַוווינען. מיר פאַרווערן אויך [די יידן] אַריינצוקומען אין שטובן, בעדער אָדער גאַסט־הייזער פון קריסטן; זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן צו האַלטן אין זייערע הייזער בייטאָג צי ביינאַכט דינער אָדער דינסטן אָדער זויגערינס אָדער וועלכע נישט־איז דינערשאַפט; זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן אָנצונעמען אויף וואָס פאַר אַ נישט־איז אופן, נישט קיין צאָל און נישט קיין אַנדערן עפנ־טלעכן אַמט. אויב עפּעס אַ ייד וועט געכאַפּט ווערן ביים טרייבן זינדיקע זונות מיט אַ קריסטן איז, ביז וואַנען ער וועט נישט באַצאָלן, לכל הפחות, 10 מאַרק, דאַרף ער אונטערליגן אַ שטרענגן אַרעסט און די קריסטלעכע פרוי, וואָס איז באַגאַנגען אַזאַ זינדיקן טריט זאָל, נאָכן באַקומען שמיץ פון דעם שטאָטישן אַמט, פאַרטריבן ווערן פון דער שטאָט, אָן אַ האָפנונג פון אומקער".

די באַשלוסן פונם ברעסלער סינאָד ווי בכלל די באַשלוסן פון אַנדערע פוילישע סינאָדן זענען געבליבן אַ טויטער אות. אין לעבן האָט מען זיי נישט אויסגעפירט, מחמת די קירך האָט אין פוילן נישט געהאַט אַזאַ מאַכט, זי זאָל עס קאָנען אַדורכפירן. דער קיניג ווידער, דער איינציקער דעה־זאָגער אין די

פיאַסטישע צייטן איז צוליב אַ סך טעמים געווען גינסטיק געשטימט לגבי די יידן און דעריבער איז נישט געלעגן אין זיין אינטערעס צו פאַרערגערן דעם מצב פון די יידן דורך איינפירן דידאָזיקע באַגרענעצונגען, וועלכע ס׳האָט פאָרגעלייגט די קירך.

## 4. דער קאַמף פאַר האַנדלס-רעכט.

### א) אויף אַ לעגאַלן וועג.

### דער אָפּמאַך פון די קראָקעווער שטאָטסלייט מיט די יידן וועגן מסחר.

(Piekosiński: Kodeks dyplom. Krakowa, T. I, Nr. 192).

יוני 1485.

מיר, די אונטן אונטערגעחתמטע, יידישע פרנסים פון קראָקע זענען מודה און באַשטעטיקן דורך אונזער אייגנהענטיקער חתימה, אַז לויטן איינשטימיקן באַשלוס און הסכמה פון אונזער גאַנצן כּלל האָבן מיר אויף זיך גענומען מיט אונזער גוטן רצון און נישט געצוווּנגענערהייט נישט צו פירן קיין מסחר און נישט צו האַלטן קיין שום סחורות אָדער חפצים צום פאַרקויפן, נאָר מיר זאָגן זיך אָפּ פון זיי און לאָזן זיי אינגאַנצן אָן אַ זייט. מיר ווילן אויך נישט אויפנעמען פון סוחרים קיין שום סחורות אָדער חפצים צום פאַרקויף, כּדי צו פאַרקויפן זיי דורך אונזער פאַרמיטלונג אַנדערע קריסטן. אַך אויסנאַם מאַכן מיר פאַר אונזערע משכּונות, וואָס זענען ביי אונז פאַרקויפט געוואָרן און וועלכע זענען פאַרפאַלן געוואָרן מחמת וווּכער; אַזעלכע [ז אַ כ ן] מעגן מיר צו יעדער צייט, ווען ס׳וועט נאָר אויסקומען, פאַרקויפן אין אונזערע הייזער. און אַזעלכע משכּונות וועלן מיר זיך נישט דערוועגן צו טראָגן אויף צו האַנדלען [מ י ט ז י י ן] אָדער זיי צו פאַרקויפן אין די גאַסן אויף עפנטלעכע פלעצער אין שטאָט אָדער אַרום דער שטאָט, אַ חוץ צוויי דערויף באַשטימטע טעג, דהיינו: דינסטיק און פרייטיק און בעת יאַרידן; יענע משכּונות מעגן מיר פאַרקויפן [ב ת נ א י], אַז מיר וועלן אָפּגעבן אַ שבועה אויף די עשרת-הדברות, אַז זיי זענען אונזערע. און אויב ס׳וועט זיך טרעפן, אַז עמעצער אַ מאַן צי אַ פרוי וועט זיך אייגנוויליק מיט חוצפּה אַרומגיין און וועט אַרומטראָגן צום פאַרקויף אַזעלכע מיני זאַכן [אומאָפּהענגיק] צי דאָס זענען נייע זאַכן אָדער אַלטע און מ׳וועט אַנטדעקן, אַז זיי האָבן די דאָזיקע זאַכן פאַרקויפט אָדער

געוואָלט פאַרקויפן אין אַ געוויינלעכן טאָג און נישט אין די דערויף באַשטימטע צוויי טעג און בשעת יאַרידן, דעמאָלט וועלן די איינוווינער פון דער שטאָט האָבן דאָס רעכט זיי [סיי מאַנסבילן, סיי פרויען] צו כאַפּן צוזאַמען מיט די זאַכן, וועלכע מען האָט ביי זיי אַנטפּלעקט. אַחוץ דעם וועט מען אַזאַ ייִד אָדער ייִדענע דאַרפן אַריינזעצן אין תפיסה, ביז וואַנען ער וועט נישט געבן דעם האַר וואָיעוואָדע דריי גריוונעס קנס; אָבער אָרימע ייִדן אָדער ייִדענעס מעגן יעדן טאָג פאַרקויפן מלבושים אָדער קאָלנערס, וועלכע זיי האָבן אַליין אויסגעאַרבעט און פאַרטיק געמאַכט. און דערדאָזיקער בריוו וועט בלייבן אַלס עדות און דאָקומענט אין די הענט פון די ראַטמענער און בירגער פון דער שטאָט, כדי אַדורכצופירן און באַפעסטיקן דאָס אַלץ, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן אָן שום דריידלעך און קונצן.

מיר, אונטן אונטערגעחתמטע, האָבן דעמדאָזיקן בריוו אונטערגעשריבן און אָפּגעשטעמפּלט:

משה, דער זון פון אפרים;
יעקב, דער זון פון אַלעקסאַנדער;
יוסף, דער זון פון אפרים;
מרדכי, דער זון פון יעקב [1].

## יאַן אָלבראַכט דערליידיקט דעם האַנדלס-סכסוך פון די לעמבערגער מיעשטשאַנעס מיט די ייִדן.

(לאַנד-און גראָד-אַקטן, לעמבערג, XV, נ"ר 89).

7 מערץ 1488.

אין גאָטס נאָמען, אָמן! יאַן אָלבראַכט פון גאָטס גנאָד, דער זון פונם קיניג קאַזשימיערזש.... [אויפן סמך פון דער קיניגלעכער פולמאַכט]

---

1) דאָס יאָר 1485 איז אַן אָנהייב פון אַ תקופה אין דער געשיכטע פונם ייִדישן האַנדל אין פוילן. ביזאיצט האָט דער ייִדישער האַנדל נישט אָנגעטראָפן אויף קיין שום ערנסטע מניעות מצד די שטאָטסלייט. איצט הייבט זיך אָן אַ לאַנג-דויערנדיקער קאַמף אַקעגן ייִדן, אַ קאַמף וואָס איז אויסן צו באַגרענעצן זייערע האַנדלס-רעכט. אין דער הקדמה שרייבן די ייִדישע פרנסים, אַז זיי זאָגן זיך אָפּ פונם רעכט צו האַנדלען „נישט געצוווּנגענערהייט, מיטן גוטן ווילן" — ס'איז קלאָר, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ פאָרמול. די ייִדן האָבן זיך נישט געהאַלטן אָן דעמדאָזיקן אָפּמאַך, דעריבער זענען אויסגעבראָכן ווייטערדיקע סכסוכים מיט די שטאָטסלייט.

האָבן מיר די לעמבערגער ראַטמענער צוזאַמען מיט די יידן פון דער דערמאָנטער שטאָט גערופן, זיי זאָלן זיך פאַר אונז באַווייזן מיט זייערע פּריווילעגן, בכדי ענדגילטיק צו דערליידיקן דעם סכסוך, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן זיי וועגן שניידן שטאָף און האַנדלען אויף איילן. נאָכן אויסהערן צוערשט די רעכטלעכע טענות פון ביידע צדדים האָבן מיר דערנאָך באַקוקט און אויסגעפאָרשט זייערע בריוו און פּריווילעגן. בעת די ראַטמענער האָבן אונז באַוויזן מיט דער הילף פון דעם אינקאָרפּאָראַציע [איינגלידערונגס]־פּריווילעג פון דערדאָזיקער שטאָט צום קיניגרייך און צו די קיניגלעכע שטעט, אַז זיי האָבן רעכט צו באַנוצן זיך מיט די־זעלבע געזעצן, מיט וועלכע ס'באַנוצן זיך די אַנדערע וויכטיקע שטעט אין [אונזער] קיניגרייך [און אַז דידאָזיקע פּריווילעגן] דערלויבן נישט די יידן, די איינוווינער פון דידאָזיקע שטעט, צו שניידן שטאָף און פירן אַ האַנדל מיט שטאָף איילנווייז. די יידן, ווידער, האָבן גאָרנישט געבראַכט, נייערט אַ פּריווילעג, וואָס איז כולל דאָס געזעץ, אויפן סמך פון וועלכן זיי האָבן רעכט צו זיין אין קיניגרייך און לויט וועלכן זיי דאַרפן זיך משפּטן און האַנדלען. [דאָרט] איז אָבער נישטאָ קיין שום נאָטיץ און קיין שום דערלויבניש, וואָס זאָל האָבן אַ שייכות צו זייער טענה אין דעמדאָזיקן ענין און סכסוך. [זיי טענהן] בלויז, אַז [זייער דעטאַל־האַנדל] האָט זיך שוין איינגעוואָרצלט אַלס אַן אָנגענומענער מנהג, דאָס אָבער אָנערקענען נישט די ראַטמענער. [די יידן] וועלן צעברעכן די געשריבענע געזעצן און די פּריווילעגן, פון וועלכע ס'זענען אָפּהענגיק די געזעצן פון דער גאַנצער מלוכה. [דעריבער] האָבן מיר מיטן כוח, וואָס איז אונז געגעבן געוואָרן אין דעמדאָזיקן ענין, פעסטגעשטעלט און באַשלאָסן, אַז וואָס שייך דעם פאַרקויפן שטאָף אויף איילן, טאָרן די יידן, וואָס וווינען אין לעמבערג נישט געניסן פון אַנדערע רעכט אָדער פרייהייטן, ווי די, פון וועלכע עס געניסן אַנדערע יידן, וועלכע וווינען אין קראָקע אָדער פּויזן אָדער צוזמער [1], בפרט אַז [דאָס] האָבן באַוויזן די ראַטמענער אַליין דורך אַ בריוו, געשריבן אויף פּאַפּיר דורך אונזער האַר און טייערסטן פאָטער...

1) פון דעם דרינגט־ארויס, אַז דעם בייישפּיל פון קראָקע [פון יאָר 1485] האָבן נאָכגעטון אויך אַנדערע שטעט, ווי פּויזן און צוזמער, אויף וועלכע די לעמבערגער שטאָטסלייט פאַררופן זיך.

## דער אינטעראים [1] פון יאַן אָלבּראַכט אינם סכסוך וועגן האַנדלס־רעכט צווישן די שטאָטסלייט און די לעמבערגער יידן.

[בּערשאַדסקי: רוסקאָ-יעווריעיסקי אַרכיוו, III נ"ר 10 (קרוין-מעטריק, נ"ר 15, ז. 14)].

15 פעברואַר 1493.

יאַן אָלבּראַכט פון גאָטס גנאָד...... הגם מיר האָבּן פריער דערליידיקט דעם סכסוך צווישן די בּאַרימטע: דעם בּירגערמייסטער און די ראַטמענער פון איין צד און די לעמבּערגער יידן פון צווייטן צד בּנוגע די מניעות, וועלכע די שטאָטסלייט [שאַפּן] די יידן אינם פרייען האַנדל, איצט אָבּער אַזוי ווי מיר זענען נישט אימשטאַנד צו קאָנצענטרירן אונזער אויפמערקזאַמקייט אויף דעם ענין, מחמת מיר זענען פאַרוואָרפן מיט מלוכה־ענינים, האָבּן מיר בּאַשלאָסן אָפּצולייגן און איבּערטראָגן [דעמדאָזיקן סכסוך] בּיז צו אונזער מזלדיקן אומקער קיין לעמבּערג; [דעריבּער] לייגן מיר אים אָפּ און טראָגן אים איבּער. דערווייל אָבּער מעגן די דערמאָנטע יידן אויסבּייטן יעדעס יאָר טויזנט אָקסן אויך שטאָף און כּדי איינצוקויפן [דידאָזיקע סחורות], איז דער־לויבּט פריי צו האַנדלען אויף יאַרידן בּפרט דאָרט, ווו די דערמאָנטע שטאָטסלייט פירן אַ מסחר, דעריבּער מעגן יידן פירן אויפן מאַרק גאַנצע בּאַלן אָדער גאַנצע שטיקער שטאָף, וועלכע זיי מעגן נישט-צעשניטענערהייט און נישט-געריירט אויסבּייטן [אויף אָקסן]. אָבּער די איינגעקויפטע אָדער אויסגעבּיטענע אָקסן וועלן זיי נישט טאָרן ערגעץ אַנדערש פאַרקויפן און נישט אַנדערש ווי צו פינף הונדערט אין יאַרעסלע און דעם רעשט פינף הונדערט אין פּרעמיסלע און דאָס – בּלויז איין מאָל אין יאָר. אַ חוץ דעם טאָרן זיי נישט פירן קיין אַנדער מין מסחר בּיז צו אונזער מזלדיקן אומקער זיך קיין לעמבּערג.

## אַלעקסאַנדער בּאַשטעטיקט דעם פּריווילעג פון די לעמ־בּערגער יידן פון יאָר 1503.

(Berson: Dyplomatarjusz, dotyczący Żydów w Polsce, Nr. 8).

יאָר 1506,

אַלעקסאַנדער פון גאָטס גנאָד...... מיר האָבּן זיך דערוווּסט פון אונזערע

1) דאָס הייסט, אויף דערווייל דערליידיקן אַן ענין.

לעמבערגער יידן, אַז אַ טייל אונזערע אונטערטאַנען שטערט זיי אין מסחר און אַז זיי נעמען ביי זיי צו אָן אַ שום רעכט זייערע זאַכן, וועלכע זיי קויפן־איין אויף יאַרידן און אַז זיי טוען דאָס אָן אַ שום רעכטלעכן גרונט. דעריבער, היות ווי מיר ווילן, אַז די יידן זאָלן בלייבן ביי די רעכט, וועלכע זיי האָבן געהאַט אין די צייטן פון אונזערע אבות, באַפעלן מיר, אַזוי ווי ס'האָט עס אַמאָל געהאַט באַפוילן דער קיניגלעכער מאַיעסטאַט פון מיין ברודער, אייך צוזאַמען און יעדן באַזונדער. [א י י ך] באַאַמטע, שררות א. אַ. וו., איר זאָלט די דערמאָנטע יידן דערלויבן צו פירן אַ האַנדל אויף די יאָר־יאַרידן און אויף די פרייע יאַרידן.....

ב) עקסצעסן אַקעגן יידן.

## עקסצעסן אַקעגן די קראָקעווער יידן אין יאָר 1407

(י. ד ל ו ג אָ ש[1]): צ ו ו ע ל ף ב ע נ ד ע ר פ ו י ל י ש ע ג ע ש י כ ט ע, III, ב ו ך X, ז. 533).

די עקסצעסן אין דער שטאָט קראָקע, וועלכע זענען אויסגעבראָכן צוליב דעם, וואָס די יידן האָבן דערהרגעט אַ קריסטלעך קינד און זענען אונטער־דריקט געוואָרן מיט געוואַלט דורכן סטאַראָסטע, ברענגען דערנאָך אויס פונ־דאָסניי: דאָס פאָלק וואַרפט זיך אויף יידישע הייזער און מאַכט זיי חרוב אומבאַשטראָפט און אַ סך יידן נעמען־אָן דאָס קריסטנטום אויס מורא פאַרן טויט; דערביי ווערן צוליב דעם פייער, וואָס איז אונטערגעלייגט געוואָרן אונטער יידישע הייזער דערוויילֿ פאַרניכטעט דער קלויסטער פון דער הייליקער אַננע און עטלעכע גאַסן.

היות דער מענטשלעכער כּוח האָט נישט איינגעצוימט דאָס רשעות פון די יידן, וועלכע האָבן זיך שטאַרק פאַרמערט אין דער שטאָט קראָקע, זיך [ד אָ ר ט] צעבאַלעבאַטעוועט דורכן נידערטרעכטיקן ווּכער און אָנגעהויבן זיך חוצפּהדיק צעשפּרייטן און דערביי באַגאַנגען אַ סך פאַרברעכן, איז אויף זיי געקומען

1) יאַן דלוגאָש, א באַרימטער פּוילישער היסטאָריקער, קראָקעווער קאַנאָניק און דערציער פון קאַזשימיעזש דעם יאַגיעלאָנערס זין. זיין געשיכטע פון פּוילן אין XII בענדער דערפירט ביז צום יאָר 1480, די בעסטע ביז סוף XVIII־טער י"ה, געשריבן אויפן יסוד פון אומצאָליקע מקורים, האָט ער אונטער דער השפּעה פון קאַרדינאַל זביגניעוו אָלעשניצקי באַאַרבעט מיט קלעריקאַלע טענדענצן. דאָס איז אויך קענטיק אין זיין באַציונג צו יידן.

נאָך אַ שטרענגערער גרימצאָרן פון גאָט. [גאָט] האָט אויף זיי אַראָפּגעשיקט די שטראָף, וועלכע איז פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן דורך געריכטן פון אַ בשר-ודם, צוליב אַ קלײנער סיבה [ווי ס׳טרעפט זיך] איז אויסגעבראָכן אַקעגן זיי אַ פאָלקס-אויפשטאַנד. בעת דער מאַגיסטער בודעק דער ווישליצער [1] קאַנאָניק איז אַראָפּגעגאַנגען פון בעלעמער דינסטיק נאָך ווײנאַכט דעם זיבני-אונצוואָנציקסטן מערץ נאָך אַ דרשה, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַרן פאַר-זאַמלטן עולם אין דער קירך פון דער הייליקער באַרבאַרע, האָט ער פאַרציילט, אַז ער האָט [דאָרט] געפונען אַן אונטערגעוואָרפענעם כתב, אין וועלכן מען בעט און מען דערמאָנט אים, ער זאָל מודיע זיין דעם פאָלק וועגן אַ שרעק-לעכן און נידערטרעכטיקן פאַברעכן; נעמענדיק אָבער אין אַכט, אַז אַן ענלעכע מעלדונג האָט — ווי באַוווּסט — אַרויסגערופן אין פּראָג אַ גרויסע מהומה האָט ער עס גיכער געוואָלט פאַרשווייגן.

ווען דער המון האָט אים אָבער נייגעריק און צודרינגלעך געשטעלט פראַגן און מאַסנווייז אים באַלאַגערט [און געבעטן] ער זאָל אַנטפּלעקן, וואָס ס׳קומט דאָ פאָר, האָט ער זיך אומגעקערט צום בעלעמער און נישט איבערגעקלערטערהייט און נישט ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ מאַגיסטער און אַ בעל-דרשן זיי מודיע געווען וועגן יענער אומגליקלעכער בקשה. אין דערדאָזיקער בקשה איז געווען געשריבן: „אַז די יידן, וועלכע וווינען אין דער שטאָט קראָקע האָבן די פריערדיקע נאַכט דערהרגעט אַ קריסטלעך קינד און האָבן זיך גאָטלאָז באַשמירט מיטן בלוט און געוואָרפן שטיינער אויף אַ גלח, וועלכער איז געגאַנגען צו אַ קראַנקן מיט דעם הייליקסטן סאַקראַמענט. דערהערנדיק דאָס, האָט זיך דאָס אויפגערעגטע און אונטערגעהעצטע פאָלק — ווי אויף אַ באַפעל — מיטן גרעסטן גרימצאָרן געוואָרפן אויף די יידן און אַ סך פון זיי אויסגעהרגעט און די יידישע גאַס צעראַבירט. ערשט ווען קלעמענס פון מאַסקאַרזשעוו, דער ווישליצער קאַשטעלאַן און קראָקעווער סטאַראָסטע, איז צוזאַמען מיטן גרויס-פאַרוואַלטער מיקאָלאַי ליטוואָש אַרויסגעלאָפן באַוואָפנט, האָבן זיי אָפגעשטעלט די רציחות און דאָס ראַבירן. אַז מ׳האָט געמאַכט אַ סוף צו די מהומות און פונאַנדערגעטריבן דעם המון, וועלכער איז אַרויסגעלאָפן טיילווייז כדי צו ראַבירן, טיילווייז צוליב נייגעריקייט, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אַלע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין [זייערע] הייזער און די רו איז געוואָרן צוריקגעשטעלט. די יידישע גאַסן האָט געהיט די שטאָטישע וואַך, [דערווייל] האָט אויפן ראָטהויז אַ קלונג-געטון דער גלאָק, — אַ סימן, אַז די ראַטמענער און די שטאָטישע באַאַמטע דאַרפן זיך צונויפקומען אויף צו באַשטראָפן די, וואָס האָבן גורם-געווען די געוואַלטטאַטן און דעם רויב.

---

[1] אַ שטאָט אויף צפון פון קראָקע.

דערווייל האָט זיך צווישן פאָלק פאַרשפּרייט אַ קלאַנג: „אַז די ראַטמענער און דער שטאָט-מאַגיסטראַט הייסן דורכן קלונג פון גלאָק באַראַבעווען און דער-מאָרדן די יידן. ווי אָפּגערעדטערהייט איז זיך נאָכן קלונג דער המון פון דער גאַנצער שטאָט צוזאַמענגעלאָפן און פונדאַסניי אָנגעהויבן רויבן און מאָרדן די יידן, און דאָס האָט שוין קיינער נישט געוואַגט צו פאַרווערן, ווייל דער המון האָט זיך צעיושעט דורך גזילה און רציחה. כדי צו דערשטיקן אַזעלכע געוואַלטטאַטן האָט מען די יידישע הייזער אונטערגעצונדן (ס'איז נישט באַ-ווּסט וועמענס האַנט דאָס איז געווען, צי פון קריסטן, צי פון יידן [1]). און ווען שרפה, דורך קיינעם נישט אָפּגעשטעלט, האָט זיך ווייטער פאַרשפּרייט, האָבן אין דער שטאָט אָפּגעברענט די קירך פון דער הייליקער אַננע און עטלעכע גאַסן. מיט שווערער מי און מאַטערניש איז קוים געלונגען די שילער פון דער וואַרשעווער שול צו פאַרהיטן (פאַר דער שרפה) דאָס גרויסע קאָלעגיום (Collegium artistarum) [2]). אַ טייל יידן האָבן זיך פון דער סכנה געראַטעוועט, אַרויפלויפנדיק אויפן טורם פון דער הייל. אַננע-קירך, וועלכע גייט-אַרויס אויף דער פאָרשטאָט „גאַרבאַרזשע", ווו זיי האָבן זיך פאַרטיידיקט ביז צום אָוונט; ווען מען האָט זיי אָבער אונטערגעצונדן אינם טורם, האָבן זיי קעגן זייער ווילן געמוזט זיך אונטערגעבן. דערדאָזיקער שטורם האָט געדויערט פון זעקס אינדערפרי ביז צום אָוונט; אַ סך יידן האָט מען אין דערדאָזיקער צייט אויסגע-הרגעט און אַריינגעזעצט אין תּפיסה. אַ סך געראַטעוועטע האָבן אָנגענומען דאָס קריסטנטום. אַלע יידישע קינדער, וועלכע די קריסטן האָבן פאַרשווינט אָדער וועלכע זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פונם פייער האָט מען אָפּגעשמדט אויף קאַטאָליקן. אַ סך עשירות און טייערע חפצים, וואָס מען האָט געפונען אין די הייזער פון די יידן האָט דער המון צוגעראַבעוועט. דערפון זענען אַ סך קריסטן נתעשר געוואָרן און זענען מיטאַמאָל געוואָקסן אין ווילשטאַנד. אַז די עקסצעסן זענען געשטילט געוואָרן האָט מען אין זייערע הייזער געפונען אוצרות פאַרבאָרגענע אין זאַמד און זונק-גראָבנס. דאָסדאָזיקע יאָר איז פון גאָטס גנאָד באַקאַנט מיט מפּלות פון יידן נישט בלויז אין דער שטאָט קראָקע, נייערט אַ חוץ דעם אין ניססאַ און פראַנקפורט, אין די שלעזישע שטעט און אין דער ענגלישער שטאָט קענטערבערי [3]).

---

1) דאָס איז שוין אַן אַלטע געוווינהייט פון אַלע אַנטיסעמיטן אַרויפצולייגן שרפות אָדער אפילו פּאָגראָמען אויף די יידן גופא.

2) אַ טייל פון דער קראָקעווער אוניווערזיטעט.

3) דער פּאָגראָם פון יאָר 1407 האָט געהאַט זיין עפּילאָג אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אונטערן דרוק פון קיניג איז פאַרפירט געוואָרן אַ שטרענגע אויספאָרשונג

## אַן אָפּקלאַנג פון קאַפּיסטראַנאָס אַנטי־יידישע אַקציע אויף דער רבנים־אַסיפה אין בינגען (דייטשלאַנד).

(H. Graetz: Geschichte der Juden, VIII, 5 נאָטע).

װאַהערשט פון פחד צוליב דער פּאָגראָם־אַקציע פון דעם פּויפּסטלעכן לעגאַט יאָהאַן קאַפּיסטראַנאָ אינם יאָר 1454 שיקט די קראָקעווער קהילה געוויין־בריוו צו די יידן אין דייטשלאַנד. דער רב זעליגמאַן אָפּענהיים באַקענט די רבנים, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַן אַסיפה אין בינגען, מיטן אינהאַלט פון בריוו און רופט זיי איבערצורייסן די כּסדרדיקע מחלוקתן):

קיין מאָל האָבן מיר נישט געפילט אַזוי שטאַרק דאָס פעלן פון אַחדות און שלום ווי איצט.... ווארים דער מאָנאַך [קאַפּיסטראַנאָ] האָט זיך אַפילו צוגערירט צו [די יידן], וואָס וווינען אונטער [דער ממשלה] פון פּוילישן מלך אין קראָקע און אין דער אומגעגנט, וועלכע מיר האָבן פריער געהאַלטן פאַר אַ מקום־מקלט פאַר די פאַרטריבענע. די איינוווינער פון דער וועלט וואָלטן נישט געגלויבט, אַז די צרות און דער שונא וועלן אָנקלאַפּן אין די טויערן פון פּוילן און איצט בויגן זיי [די פּוילישע יידן] זיך אונטער

---

אקעגן די שולדיקע אין פּאָגראָם, די הויפּטשולדיקע אין דער צאָל 36 האָט מען איינגעזעצט אין תפיסה און צוגענומען בײַ זיי די צוגעראַבירטע חפצים.

די סיבה פונם אויבּיקן פּאָגראָם ווי בכלל פון אַנדערע פּאָגראָמען אין פּוילן דאַרף מען זוכן אין עקאָנאָמישע טעמים. די וויכטיקסטע סיבה איז געווען די אַנטשטייונג פון אַן אָרטיקן בירגערטום, וואָס האָט איבעריק־געמאַכט די פונקציע פון די יידן און די פאַרשאַרפטע קאָנקורענץ צווישן דעם יידישן און נישט־יידישן בירגערשטאַנד. אַ גרויסע ראָל האָט אויך געשפּילט דער וווּכער פון די יידן. אַ סך קריסטלעכע בעלי־חובות, בפרט פון די אָרימערע שיכטן, האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט פּטור צו ווערן פון די חובות, וועלכע זיי זענען שולדיק געווען די יידן. אַנטי־יידישע עקסצעסן, דאָס באַראַבעווען יידישע הייזער, זענען געווען דער פּשוטסטער אופן פון פּטור־ווערן פון דיזאָזיקע חובות און אָפּנעמען זיך בײַ די יידישע באַנקירן מיט געוואַלט די פאַרזעצטע משכּונות. ס'איז קלאָר, אַז אין דיזאָזיקע פּאָגראָמען האָט אויך זיין האַנט צוגעלייגט דער קריסטלעכער קלער, [ווי אין אונזער פאַל דער מאַגיסטער בודעק]. אַ פּאָגראָם איז געווען אַ גוטע געלעגנהייט זיך נוקם צו זיין אָן די יידן און חאָם נאָך ביכטיקער: אָפּשמדן זיי גופא אָדער, לכל־הפּחות, זייערע קינדער.

דער לאַסט [וועלכע ס'האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט] דער פוילישער קיניג און די שררות און זיי האָבן צו אונז געשריבן, מיר זאָלן זיי קומען צו הילף און [ברענגען זיי] די גאולה. און איצט, איר, מיינע פריינט, האַלט מיר נישט פאַראיבל, וואָס איך האָב אייך דערציילט וועגן טרויעריקע ענינים, ווייל דאָס האַרץ טוט מיר וויי און היות מיר זענען קרוב־למלכות ווייסן מיר וואָס מען דאַרף רעדן און וואָס מען דאַרף טון [1]......

# 5. שטייערן, צאָלן און אָפּצאָלן.

## די פּרנסים זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די קהילה־שטייערן.

(לאַנד־און גראָד־אַקטן, לעמבערג, XV, נ"ר 2937).

24 דעצעמבער 1499.

לעמבערגער יידן. דער שקאָלניק [2] [שמש] פון די לעמבערגער יידן האָט דערקלערט [פאַרן געריכט], אַז די אַלע פּרנסים, וואָס זענען געזעסן אויפן לעמבערגער שלאָס, איינגעזעצט דורכן סטאַראָסטע וועגן פיראונג־צוואָנציק פלאָרין, האָבן אַלע חפצים, וואָס באַלאַנגען צו דער יידישער שול,

1) דער גלח יאָהאַן קאַפּיסטראַנאָ, באַקאַנט אונטערן טיטול „מקל היהודים" („אַ בייטש פאַר די יידן"), האָט אָנגעהויבן זיין יידן־פרעסערישע טעטיקייט אין איטאַליע, וווּ ס'זענען אַ דאַנק אים אַ סך יידן פאַרברענט געוואָרן אויף די שייטער־הויפנס. כדי צו שטאַרקן די פּאָזיציעס פון דער אָפּגעשוואַכטער קאַטוילישער קירך, שיקט אים דער פּויפּסט אַרויס אין פאַרשידענע מלוכות אויף צו אונטערדריקן די הוסיטן און אַנדערע פרייִדענקערישע באַוועגונגען. נישט האָבנדיק קיין גרויס מזל ביי די אַפּיקורסים ווענדעט ער זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט די יידן. זיין נסיעה איז געצייכנט מיט יידן־גירושים, פּאָגראָמען, פּראָצעסן וועגן שענדן האָסטיעס א.ד.גל. אין פוילן איז ער איינגעלאַדן געוואָרן דורכן אַנטיסעמיטישן קאַרדינאַל זביגניעוו אָלעשניצקי. מיט געמיינזאַמע כוחות האָבן זיי, נאָך אַן אָנגעשטרענגטער אַקציע, געצוווּנגען דעם קיניג קאַזשימיערזש דעם יאַגיעללאָנער אָפּצורופן די פּריווילעגן, וועלכע ער האָט אָקאָרשט געהאַט באַשטעטיקט אינם יאָר 1453. די פייערדיקע דרשות פון קאַפּיסטראַנאָ אַקעגן די יידן האָבן אויך גורם געווען אַ פּאָגראָם אַקעגן די יידן אין קראָקע אָנהייב 1455 און ווי ס'ווייזט־אויס — אין וואַרשע אינם יאָר 1454.

2) דער שקאָלניק (שמש) איז דער אויספירנדער אָרגאַן פון דער יידישער קהילה.

צוגענומען און אָפּגעגעבן אַלס ערבות. אַזויפיל איז דאָס ווייב פון יעקב גענווען שולדיק פאַר די שטייערן, וועלכע ווערן גערופן: קיניגלעכער שאָס [1], די אויביקע חפצים זענען איבערגעגעבן געוואָרן אַלס משכון מיטן הסכם פונם ייד איזאַטשקאָ מאַרקאָוויטש.

## דער קיניג באַפרייט די פויזנער יידן פון אַ טייל יערלעכן צינז.

[בערשאַדסקי: רוסקאָ-יעווריעיסקי אַרכיוו, III, נ"ר 38 (קרויןמעטריק, נ"ר 21, פּ. 197)].

19 מאַי 1505.

אַלעקסאַנדער קיניג פון פוילן..... מיר זענען מודיע..... היות ווי מיר האָבן געהערט, אַז אונזערע יידן, וואָס וווינען אין פויזן זענען צוליב אָרימקייט און צוליב זייער קליינער צאָל, נישט אימשטאַנד צו צאָלן דעם יאָר-צינז, וועלכן זיי פלעגן אונז צאָלן יאָר-איין, יאָר-אויס און וועלכן מיר האָבן נישט לאַנג פאַרשריבן דעם איידלען סטאַניסלאַוו יאַראָטשסקי. אַזוי ווי מיר ווילן זיי צו הילף קומען (אין דעמדאָזיקן ענין), כדי זיי זאָלן וואָס גיכער קאָנען קומען צו אַ בעסערן מצב און כדי זיי זאָלן צוריקגעווינען זייערע פריערדיקע גיטער, דעריבער האָבן מיר, נאָכן באַקומען [די אַנטשפּרעכנדע] אינפאָרמאַציעס און נאָך אַ באַראַטונג מיט אונזערע קיניגלעכע עצה-געבערס איינגעזען, אַז מען דאַרף בנוגע דעמדאָזיקן צינז צורעכענען און פאַרייניקן אַלע אונזערע גנעזענער און מעזריטשער יידן צו די יידן אין פויזן..... ס'איז דעריבער אונזער ווילן און באַשלוס, אַז די אַלע יידן סיי פון פויזן, סיי פון גנעזן און מעזריטש זאָלן צוזאַמען צאָלן אַזוי פיל יאָר-צינז, וויפיל ס'פלעגן [ביזאיצט] צאָלן בלויז די יידן, וואָס וווינען אין פויזן, לויטן אַלטן שטייגער. מיר ווילן און מיר האָבן דערמיט באַשלאָסן, אַז דידאָזיקע הנחה און אונזער דעקרעט זאָלן האָבן אַ יורידישע קראַפט אין משך פון דריי יאָר [2].

---

1) שאָס, דאָס איז געווען לכתחילה אַן אָפּצאָל פון הייזער און באַהעגלעכע קעגנשטאַנדן, וואָס די מיעשטשאַנעס האָבן געצאָלט לטובת דער שטאָט. שפּעטער איז דער אָפּצאָל אַריבער אינם קיניגס הענט.

2) די יידן, אַלס קאַמערקנעכט, האָבן געצאָלט שטייערן קודם-כל זייער באַשיצער, דעם קיניג. דער וויכטיקסטער דירעקטער און געוויינלעכער מלוכה-שטייער איז געווען דער יאָר-צינז, גערופן אויף לאַטייניש census annuus. ווי מיר זעען פונם אויביקן דאָקומענט איז דער יאָר-צינז געווען קאָנטיגירט, ד. ה., אַז יעדע קהילה

# די יידן אין לעמבערג טראָגן דיזעלבע לאַסטן, וואָס די מיעשטשאַנעס.

[בערשאַדסקי: רוסקאָ-יעווריעיסקי אַרכיוו, III, נ"ר 48 (קרוין מעטריק, נ"ר 21, פּ. 344)].

15 פעברואַר 1506.

אַלעקסאַנדער..... אויף דעם פּאַראַיאָרעדיקן סיים אין ראַדאָם האָבן מיר אויף אייביק אַרויסגענומען [פון כּלל], אַלע צוזאַמען און יעדן באַזונדער, די בירגער און איינוווינער פון אונזער שטאָט לעמבערג, וואָס געפינט זיך אין שכנות פונט שונא און וועלכע בויט צוליב דעם באַפעסטיקונגען כּדי מציל צו זיין און אויפהאַלטן אונזער קיניגרייך. מיר האָבן זיי באַפרייט פון אונזערע קיניגלעכע צאָלן אויפן וואַסער, אויף דער יבשה, פון אָפּצאָלן [וואָס מען נעמט] ביי בריקן פון חפצים און סחורות, וועלכע זיי פלעגן צאָלן אין אונזערע צייטן און אין די צייטן פון אונזערע אָבות. [דאָסדאָזיקע איז געשען] אַ דאַנק דער השתדלות פון די פּראַלאַטן, באַראָנען פון אונזער מלכות און עצה-געבערס, וואָס זענען מיט אונז דעמאָלט געווען, ווי מיר האָבן וועגן דעם מודיע געווען דער דערמאָנטער שטאָט דורך אונזערס אַ בריוו.

היות די לעמבערגער יידן טראָגן דיזעלבע לאַסטן ווי די קריסטן און פערזאָנען פון אַנדערע אמונות, וואָס וווינען דאָרטן, און היות זיי נעמען דעמזעלבן אָנטייל אין די הוצאות אויף פאַרריכטן די שטאָט, האָבן זיי דעריבער על-פּי-יושר דערגרייכט דיזעלביקע פרייהייטן, וואָס די מיטבירגער. דעריבער, כּדי די דורך אונז געגעבענע פרייהייט זאָל באמת אויסגעפירט ווערן בנוגע יידן, באַפעלן מיר אויך, אַז די דערמאָנטע לעמבערגער יידן זאָלן אויף להבא אייביק געניסן פון דערדאָזיקער פרייהייט בנוגע די יבשה-, וואַסער- און בריק-צאָלן פון וועגן, פון סחורות און יעדן מין חפצים אָדער שטאָפן, איר זאָלט זיי נישט איינמאָנען [ביי די לעמבערגער יידן], [פונקט] ווי איר זייט עס געוווינט צו טון בנוגע בירגער און איינוווינער פון אַנדערע שטעט.....

---

האָט גכּראָפּט איינצאָלן אַן אַלגעמיינע יערלעכע סומע. אחוץ דעם האָבן די יידן געצאָלט שטייערן אין פאַל פון מלחמה, קרוינונגסשטייער, אָפּצאָלן לטובת קיניגלעכע באַאַמטע א. אַ. וו.

## דער רוביעשויוער ייד מיכאַל באַפרייט פון צאָל.

[בערשאַדסקי: רוסקאָ-יעווריסקי אַרכיוו, III, נ״ר 6 (קרוין מעטריק, נ״ר 11, ז. 279)].

23 נאָוועמבער 1453.

קאַזשימיערזש פון גאָטס גנאָד קיניג פון פוילן..... מיר זענען מודיע אַלעמען, אַזוי ווי דער ייד מיכאַל פון רוביעשויוו האָט, צוליב זיינע פלייסיקע דינסטן, געפונען חן אין אונזערע אויגן, האָבן מיר אים באַפרייט און באַפרייען איצט אים מיט זיין פרוי און זון יהודה אַלע צוזאַמען פון אונזערע צאָלן, וועלכע מען איז געוווינט צו צאָלן אין אונזער מלוכה...... דעריבער באַפעלן מיר אייך אַלעמען און יעדן באַזונדער, די וואָיעוואָדעס, קאַשטעלאַנען, באַראָנען א.אַ.וו...... אַז איר זאָלט דערלויבן דעם דערמאָנטן ייד מיכאַל, זיין פרוי און זיין זון יהודה...... אָן אַ קריוודע פאַר זיי און זייערע זאַכן — צוזאַמען מיט זיינע סחורות, חפצים, דינערשאַפט און הויזגעזינד אַדורכצוגיין, אַדורכצופאָרן, זיך אויפצוהאַלטן, שטיין בלייבן, צו פירן עסקים און האַנדלען פריי און זיכער און נישט צו צאָלן [דערביי] קיין שום צאָל, — אָן שום מניעות, אויפהאַלט אָדער אַרעסט.

# 6. די אָרגאַניזאַציע פון די יידן.

## דער דעקרעט פונם פירשט קאָנראַד וועגן דער אויטאָנאָמיע פון די וואַרשעווער יידן.

(וואַרשעווער לאַנד- און גראָד-אַקטן, נ״ר 4, ז. 339)

יאָר 1469.

דער ליכטיקסטער האַר פירשט קאָנראַד [1] האָט דורך דער פאַרמיטלונג פונעם מאַרשאַלעק יאַקוב פון ליפקי, דעם אונטערקאַמערהאַר יאַן סלאַנקאָ פון גלאָווטשין, איינגעשטעלט און אַריינגעבראַכט אַן אָרדנונג אין דעם מעמד פון

1) קאָנראַד III דער געלער, פירשט פון האַרשע, זאַקראָטשים, נור, פלאָצק, וויזאָ, ווישעגראָד, טשעכאַנאָוו און לאָמזשע, געבוירן 1448 אָדער 1450, געשטאָרבן אין יאָר 1503.

די וואַרשעווער יידן אויף פאָלגנדן אופן: 1. וואַרשעווער יידן טאָרן נישט אונטער קיין שום נעמען [תּירוּצים] צוליב קיין שום אָנקלאַגעס אָדער לאָדונגען וועגן עפּעס עוולות צווישן זיך, זיך ווענדן צו אַנדערע מלוכות אָדער צו אויסלענדישע מדינות, נייערט יעדער פון זיי [די יידן] איז מחויב און דאַרף זיך לאָדן וועגן זייערע אַלערליי קריוודעס פאַר די פירשטלעכע באַאַמטע, דהיינו: פאַר דעם יעדן-מאָליקן סטאַראָסטע און וואַרשעווער שרייבער, אונטער אַ קנס פון 30 פלאָרין גינגאָלד אין פולער וואָג [1].

2. דאָס זעלבע איז שייך ענינים און סכסוכים, וואָס באַלאַנגען צו זייער רעכט, זיי זענען [אין דידאָזיקע פאַלן] מחויב און פאַרפליכטעט צו לאָדן זיך פאַר די אויסגערעכנטע וואַרשעווער באַאַמטע.

3. אויב אָבער דידאָזיקע באַאַמטע וועלן נישט וויסן ווי אַזוי צו אַנטשיידן און ווי אַזוי צו פסקענען וועגן ענינים צווישן יידן, וואָס באַלאַנגען צו זייער רעכט, דעמאָלט דאַרפן זיי [די באַאַמטע] צולאָזן [די יידן] צו זייער וואַרשעווער סכאָלאַסטיק [2], וועלכע דאַרף זיי משפטן אויפן סמך פונם פירשט־לעכן מאַנדאַט. אין דידאָזיקע ענינים טאָרן זיי זיך נישט פון דאַנען אָפּרופן צו זייערע דאָקטוירים [3], אונטער דערזעלבער שטראָף פון 20 פלאָרין.

---

1) ביי די יידן איז געווען אַ מנהג, אין שווערע געריכטס־ענינים, זיך צו ווענדן צו אויסלענדישע אויטאָריטעטן אויפן געביט פונם יידישן דין. פון דאַנען נעמט זיך אויך די גרויסע רבנישע ליטעראַטור, די „שאלות" פון פאַרשידענע קהילות און פּער־זאָנען און די ענטפערן פון די רבנים — די „תשובות". ס׳דאַרף נאָך באַמערקט ווערן, אַז אויסלאַנד ווערט דאָ געמיינט אויך די קרוין, וואָרים ביזן יאָר 1529 איז מאַזאָוויע געווען אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה. פון פּונקט 1 זעען מיר, אַז דער פירשט פון מאַזאָוויע באַטראַכט די יידן — פּונקט ווי אין דער קרוין — פאַר זיינע קאַמערקנעכט און דעריבער באַשטימט ער זיי זיינע באַאַמטע, אַלס ריכטער.

כאַראַקטעריסטיש, אַז אַן ענלעכע פאַראָרדנונג באַגעגענען מיר אין די צייטן פון קאַזשימיעזש דעם גרויסן, ער פאַרווערט זיינע דייטשישע אונטערטאַנען צו ווענדן זיך קיין מאַגדעבורג מיט אַפּעלאַציעס און באַשטימט פאַר זיי אין קראָקע אַ העכער אַפּעלאַציע־געריכט.

2) מאַזאָוויע, אַלס זעלבשטענדיק פירשטנטום, האָט זיך געהאַט אירע אייגענע געזעצן אויך בנוגע יידן. אַזוי אַ שטייגער באַגעגענען מיר נישט אין דער קרוין קיין יידישן באַאַמטן מיט ענלעכע פונקציעס, וואָס זאָל טראָגן דעם נאָמען „סכאָלאַסטיקוס". דער נאָמען סכאָלאַסטיקוס ווייזט־אָן, אַז זיין טרעגער האָט געהאַט עפּעס אַ שייכות צו דער יידישער שול (סכאָלאַ), אפשר איז ער געווען איר פּאָרזיצער.

3) אונטערן וואָרט „דאָקטוירים" מיינט מען דאָ רבנים. וואָרים רבנים זענען געווען „געלערנט" (docti), בקי אין יידישן דין".

4. פונקט אַזוי טאָר קיינער נישט פון דידאָזיקע יידן אָננעמען קיין לאָדונגען אָדער יידישע חרמים פון אויסלענדישע יידן אָדער פון זייערע דאָקטוירים [ר ב נ י ם] און אויב עמעצער אַ וואַרשעווער ייד וועט גערופן ווערן דורך אַן אויסלענדישן ייד אָפּצוגעבן אַן עדות-דערקלערונג אָדער [ב ר ע נ ג ע ן] אַנדערע באַווייזן, דעמאָלט דאַרף ער זיך דערפון אָפּהאַלטן, אונטער אַ שטראָף פון 20 פלאָרין.

5. פונקט אַזוי דאַרפן און זענען מחויב אַלע אָפּצוגעבן כבוד און ערע זייער „מיניסטער" (באַאַמטער) – סכאָלאַסטיקער. זיין שכירות דאַרף מען אים אויסצאָלן אויפן סמך פון אַ גערעכטן, מיט אים אָפּגעשלאָסענעם, אָפּמאַך. אויב עמעצער פון זיי וועט נישט קאָנען מיט אים מושוה ווערן, דאַרפן זיי דאָס איבערגעבן די וואַרשעווער באַאַמטע, כדי זיי זאָלן אויפן פירשטס באַפעל הייסן יענע יידן [וואָס ווילן נישט מושוה ווערן מיטן סכאָלאַס- טיקער] יושרדיק זיך אויסגלייכן מיט די אַנדערע יידן [1].

## אַן אָפּמאַך פון די פּאָרשטאָטישע לעמבערגער קהילות: די קאַראַאימישע און די רבנישע.

(לאַנד-און גראָד-אַקטן, לעמבערג, XV, נ"ר 1418).

יאָר 1475.

קראים-ראַבאַניטן.

די פּאָרשטאָטישע לעמבערגער יידן, די, וועלכע ווערן גערופן: קאַראַאימער, זענען געקומען [צום גערי כט] און האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן די יידן פון דערזעלבער פּאָרשטאָט, די, וועלכע ווערן גערופן: ראַבאַניטן, באַפרייט און זיי באַפרייען זיי דערמיט אויף תמיד און אויף אייביק פון כלערליי שמירות און אַרבעטן, פון מתנות, פון אַרבעטן אַרום פעלן און אויך, אַז [די דער- מאָנטע] זענען נישט מחויב צו פירן די גנבים צום שלאָס, און זיי דאַרפן צו היטן און זיי זענען אויך נישט מחויב, בעתן אָנקומען פון דער קיניגלעכער מאַיעסטעט, צו ליפערן עפּעס צו די וועגן אָדער צו די קירכן. אַן אויסנאַם

1) פונם לעצטן פונקט קאָנען מיר זיך משער זיין, אַז דער סכאָלאַסטיקער איז געווען באַשטימט דורכן פירשט. וואָרים אַנדערש איז זיך שווער פאָרצושטעלן, פאַרוואָס די פירשטלעכע באַאַמטע רעגולירן די פענסיע פונם סכאָלאַסטיקער. האָלט דער סכאָלאַסטיקער געווען אויסגעקליבן דורך די יידן גופא איז זיכער, אַז זיי אַליין האָלטן מיט אים אדורכגעקומען וועגן זיין פענסיע.

איז, אַז דידאָזיקע יידן, ראַבאַניטן, דאַרפן צוזאַמען מיט די קאַראַאימער דעקן דעם אָפּצאָל „פּאַ פּושעקאָפּ"[1], אויך דאַרפן זיי און זענען מחויב צו צאָלן אַ יאָר-צינז אין דער הויך פון פינף גריוונעס צוזאַמען. און ווידער זענען די יידן-ראַבאַניטן געקומען וועגן דידאָזיקע אַקטן און האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן אויף תּמיד און אויף אייביק באַפרייט די יידן-קאַראַאימער פון כּלערליי אָפּצאָלן, סיי קיניגלעכע, סיי אַנדערע אָפּצאָלן [וואָס קומען] דעם האַר סטאַראָסטע. דערויף האָבן ביידע צדדים געגעבן אַן אָפּצאָל, גערופן פּושיסיענזשנע (שבועה-געלט), וועלכן דאָס געריכט האָט צוגענומען.

## אַ יידישער בישאָף[2] אין פּויזן.

(Lekszycki: Die ältesten Grodbücher, 1341 נ"ר).

מיטוואָך נאָך דער חגא פון דער הייליקער לוציע [ד. ה., דעם 18 דעצעמבער] איז דער בישאָף פון די יידן פּעכנאָ, דער פּויזנער ייד, געקומען אין קיניגלעכן געריכט וועגן אַן ענין מיטן האַר מיקולעטש, דעם אייגנטימער פון וואגערסק.

1) „צום גראָבן", אַן אָפּצאָל אויף באַפעסטיקן, אַרומגראָבן די שטאָט.

2) וועגן דער אויטאָנאָמיע פון די יידן אין מיטלאַלטערלעכן פּוילן, האָבן מיר קנאַפּע ידיעות צוליבן פעלן פון וועלכע-נישט-איז יידישע מקורים. ווער איז געווען דער אויבן-אויסגערעכנטער בישאָף [episcopus Judaeorum] ווייסן מיר נישט גענוי. וואַרשיינלעך איז ער געווען אינם XIV-טן י"ה דער וועלטלעכער און גייסטלעכער פאָר-שטייער פון דער יידישער קהלה. אינם XV-טן י"ה באַווייזט זיך, אויסער דעם יידן-בישאָף, אויך אַ „יידן-דאָקטער". דערדאָזיקער איז דער גייסטלעכער מנהיג פון דער יידישער קהלה, דעם יידן-בישאָף איז אַלזאָ בלויז געבליבן די וועלטלעכע רעפּרע-זענטאַנץ פון דער יידישער קהלה.

# VI. קולטור און מנהגים.

## 1. וויסנשאַפט און רעליגיע.

### דער מצב פון דער רעליגיעזער קולטור ביי די פוילישע יידן.

(אור זרוע, I טייל, נ״ר 113).

[אַרום דעם יאָר 1200 שרייבט ר׳ אליעזר פון בעמען צום דייטשישן רב ר׳ יהודה החסיד און פאַר־טיידיקט אין זיין כתב דאָס רעכט פון די חזנים צוזאַמענצונעמען מתנות אום פורים און בשעת אַנדערע יום־טובים].

.....אויב דו וועסט בטל־מאַכן דאָס רעכט פון די חזנים צו זאַמלען מתנות אום פורים, נדבות אום שמחת־תורה און נדבות פון חתנים, טאָ [נעם דיר עס אין זינען], אַז אין דעם רוב מקומות פון פוילן, רייסן און אונגאַרן, ווו ס׳איז נישטאָ קיין לומדי תורה צוליב דער אָרימקייט [פון דער באַפעל־קערונג] און ווו מ׳דינגט זיך אַ מענטש, אַבי וועמען, און ער איז ביי זיי [גלייכצייטיק] סיי אַ שליח־ציבור [חזן], סיי אַ מורה־צדק [דיין] און סיי מלמד..... וואָלטן זיי געבליבן אָן תורה, תפילה און אָן אַ מורה־צדק.....

### אַ סכסוך וועגן דער רבנות אין פויזן.

(שאלות ותשובות פון רעגנסבורגער רב ישראל ברונאָ, סימן 253).

אַרום 1455.

[דער רב ישראל ברונאָ ציטירט אַ בריוו פון דעם רב אין ווינער ניישטאָט ישראל איסערליין]:

אַזוי האָט ער נישט לאַנג געשריבן קיין פויזן צום הער משה מריאַל: איך מוז פאַר דיר, רב משה, אויסרעדן מיין שווער געמיט: צו וואָס דו

האָסט אַזוי לאַנג אויסגעגעבן דיין געלט אויף פאַרשפּרייטן תורה און האָסט געטראָגן דעם כתר-תורה, אָן אַ באַלוינונג און אַפילו פאַרמינערט דורכדעם דיין פאַרמעגן. און איצט [איז געקומען דער צו], אַז דו פאַרלאַנגסט דיינע רעכט און ווייזט-אויף, אַז מען האָט דיר משיג גבול געווען דיין מאַכט אין שטאָט און אין דער מדינה. דאָס איז, לויט אונזער מיינונג, נישט על-פּי-דין און נישט על-פּי-יושר, ווי איך וועל דאָס דיר בקיצור אויסטייטשן.... עד כאן ער. און צום סוף פון זיינע אויספירונגען שרייבט ער בזה הלשון: ס'דוכט זיך, אַז צוליב די אַלע טעמים האָסטו נישט געהאַט קיין רעכט, רב משה, דוחה צו זיין און אָפּצוהאַלטן מהר"ר דודן און מהר"ר כשריה פון איינהאַלטן [אין זייערע הענט] די מאַכט און פאַרנעמען דאָס רבנות אין דער שטאָט און אין קרייז. עד כאן ער.

## דער פויזנער רב משה מינץ וועגן גט-פאָרמאַליטעטן.

(שאלות ותשובות פון משה מינץ, סימן י"ד).

„ס'האָט זיך מיר געטראָפן, בשעת איך האָב געוווינט אין פויזן אינם יאָר רד"ל לפ"ק [לפּרט קטן][1] [-1474 נאָך דער געבורט פון קריסטוסן], אַז דער רב מאַרגוליעס, וואָס האָט געוווינט אין דער שטאָט לוקעווע (לוקאָוו) האָט מסדר געווען אַ גט אין זיין שטאָט, אין וועלכער ס'איז געווען דער מאַן [וואָס האָט אָפּגעגט זיין ווייב]. [דער רב מאַרגוליעס האָט געשיקט אַ שליח, ער זאָל אָפּטראָגן דעם גט צום ווייב, און דאָס ווייב האָט דאָ געוווינט מיט אונז אין פויזן. ווען דער שליח האָט געבראַכט דעם גט צוזאַמען מיט דער פולמאַכט, האָב איך אים מדקדק געווען און געפונען און געזען, אַז אין דער פולמאַכט פעלן [די ווערטער]: „ופיך כפי" [און דיין מויל ווי מיין מויל] און ס'איז נאָר געווען געשריבן „ותהא ידך כידי ועשייתיך כעשייתי" [„און ס'זאָל זיין דיין האַנט ווי מיין האַנט און דיין טון ווי מיין טון"]. און ס'איז נישט געווען געשריבן: „ופיך כפי" „און דיין מויל ווי מיין מויל".

---

1) לפ"ק — קליינע רעכענונג, ד. ה., ווען מען לאָזט-אויס די יאָר טויזנטער און שרייבט, למשל, שטאָט 5234 נאָר 234.

## 2. מנהגים און צייט־בילדער.

### משה מינץ וועגן חתונה־מנהגים אין פויזן.

(שו״ת פון משה מינץ, סימן ק״ט).

..... דעמדאָזיקן סדר פון אַ כּתובה [1]) און פון חתונה האָב איך פעסט־געשטעלט, בעת מיין זיין אין דייטשלאַנד, אין דער קהילה באַמבערג און שפעטער, אַז איך בין געקומען אין דער שטאָט פויזן האָב איך באַמערקט, אַז ס׳זענען פאַראַן שינויים און חלוקי־דעות אין פרט פון כּתובות, וואָס איז נישט קיין מנהג אין אונזער לאַנד. [דער מחבר רעכנט ווייטער אויס די שינויים און נוסחאות פון די כּתובות, וועלכע באַשטייען דער עיקר אין באַנוצן אַנדערע אויסדרוקן]. אַזוי אַ שטייגער זענען דאָרט [ד. ה., אין פויזן] פאַראַן געוויסע אַנדערשאַר־יקע מנהגים, וועלכע מען טרעפט נישט אין אונזער לאַנד [ד. ה., אין דייטשלאַנד] און דאָס זענען: מען איז מקבל־קנין [2]) אויף דער כּתובה איידער מ׳פירט [דעם חתן] אונטער דער חופּה און איידער ס׳קומען די עדות און די עדות חתמענען זיך נישט אונטער דער כּתובה גלייך נאָכן מקבל־קנין זיין [נייערט וואַרטן] ביז וואַנען מ׳פירט [דעם חתן] אונטער דער חופּה; מען איז זיך נישט נוהג צו פירן חתן־כּלה אויפן הויף פון בית־מדרש כּדי צו טאַנצן „מיין״ [3]). ס׳איז ביי זיי אויך אַ מנהג, אַז דער חתן גייט פרייטיק אין מרחץ אַריין צוזאַמען מיט די געסט, מען מאַכט אויך די ברכה ערב־שבת און גלייך נאָך דער ברכה גייט מען אין בית־מדרש; בעת מען פירט חתן־כּלה צו דער חופּה זינגט מען פאַר זיי; ...... [דערנאָך ווערן אויסגערעכנט די חתונה־פּאַר־מאַליטעטן, דערביי פאַררופט מען זיך אויף ר׳ משה בן־מימון און אַנדערע אויטאָריטעטן אויפן געביט פון יידישן רעכט]. דער, וואָס מאַכט די ברכה, לייענט־אַדורך די כּתובה און צוויי אונטערגעחתמטע עדות לייענען שטילער־הייט מיט אים צוזאַמען..... נאָך דער ברכת־אירוסין גיט מען דעם חתן

---

1) כּתובה, ד. ה., פאַרשרייבן אַ באַשטימטע געלט־סומע לטובת דער פרוי אויפן פאַל, טאָמער זי וועט ווערן אַן אלמנה אָדער אַ גרושה.

2) קנין — אַ סימבאָלישער אַקט פון קויף און פאַרקויף, וועלכער באַשטייט — לויטן יידישן דין — אין אָנכאַפּן עפּעס אַ חפץ, לרוב, אַ מלבוש אָדער אַ טיכל דורך ביידע צדדים, וואָס האָבן געשלאָסן אַן אָפּמאַך.

3) „מיין״ — ד. א. אַ חתונה־טאַנץ, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט צווישן די דייטשישע יידן בעתן מיטלאַלטער.

דעם כּוס פון דער בּרכת-אירוסין, ער וואַרפט אים פאַר זיך, שטעלט זיך אויף אים מיטן פוס און צעבּרעכט אים; איידער מען גיט דעם חתן דעם כּוס גיסט מען אויס דעם וויין, מ׳איז זיך אויך נוהג נאָכן אָפּזאָגן די בּרכת-אירוסין צו וואַרפן אַ הון מיט אַ האָן איבּער דער חופּה, איבּער די קעפּ פון חתן-כּלה.

## דער ייד לאַזאַרוס שפּילט אין ווערפל מיטן פריץ טשיאַלעק.

(טשערסקער לאַנד-אַקטן, ב״ר 272).

יאָר 1414.

מיר פאַרשרייבּן, אַז דער ייד לאַזאַרוס און דער טשערסקער וויין-סוחר פּיאָטר האָבּן זיך בּיידע אָפּגערופן צום האַר טשיאַלעק וועגן אַ האַלבּן שאָק גראָשן אין קורסירנדער מטבּע. דער האַר טשיאַלעק דאַרף עדות זאָגן, אַז דער דערמאָנטער וויין-סוחר פּיאָטר האָט, בּשעת דער ייד האָט געשפּילט אין ווערפל מיטן האַר טשיאַלעק, בּיי זיך אין שטוב בּאַצאָלט דעם ייד דעם האַלבּן שאָק גראָשן. ווען אָבּער דער האַר טשיאַלעק נישט אַזוי עדות-זאָגן, דאַרף דער וויין-סוחר בּאַצאָלן דעם ייד אַ האַלבּן שאָק.

## אַן אָפּמאַך פון אַ יידישער רופאטע מיט איר פּאַציענטקע.

(וואַרשעווער לאַנד- און גראָד-אַקטן, נ״ר 2, ז. 356).

יאָר 1435.

מאַציעי סושקאָ מיטן ייד אַלעקסאַנדער האָבּן דערקלערט, אַז צווישן זיי איז פאַראַן פאָלגנדער אָפּמאַך: אַלעקסאַנדערס פרוי דאַרף אויסהיילן און אויסקורירן סושקאָס פרוי פון דער קרענק, אויף וועלכער זי ליידט. וועט זי זי אויסהיילן, דעמאָלט איז דער דערמאָנטער סושקאָ מחויב צו געבּן דעם ייד דריי שאָק גראָשן. וועט זי אָבּער נישט אויסהיילן, דעמאָלט וועט ער גאָרנישט שולדיק זיין.

## אַ פּראָצעס וועגן בּאַליידיקן אַ וואַרשעווער ייד.

(וואַרשעווער לאַנד- און גראָד-אַקטן, נ״ר 2, ז. 4).

יאָר 1428.

דער ייד לאַזאַרוס האָט אָנגעקלאָגט דעם איידעלן יאַקוב פּראַטשסקי,

אַז ער האָט אים גערופן הונט. דערדאָזיקער האָט [ד ע ר ו י ף] געענטפערט: „איך האָב דאָס געזאָגט און זאָג איצט, אַז די פרוי פיאָטראָוואַ האָט דיך מקבל־פּנים געווען, ווי מ'נעמט־אויף אַ הונט". דערדאָזיקער [לאַ ז אַ ר ו ס] האָט אויך יענעם [פּראַטשסקין] געקלאָגט, אַז ער האָט אים געזאָגט „אַ הונט זאָל דיך בייסן". ער האָט דאָס מודה געווען. [לאַ ז אַ ר ו ס] האָט אויך געקלאָגט, אַז בעת ער איז געשטאַנען אין געריכט האָט אים [פּראַטשסקי] גערופן „סמערד" („פּויער"), צו וואָס דערדאָזיקער האָט זיך [אויך] מודה געווען [1].

## אין געריכט טאָר מען נישט זיצן אויפן אויוון.

(וואַרשעווער לאַנד־ און גראָד־אַקטן, ז. 273).

יאָר 1427.

אויך די יידענע שפּרינצע האָט באַצאָלט די שטראָף פּופּציק, ווייל זי איז געזעסן אויפן אויוון, טראָץ דעם פאַרבאָט פון די האַרן [ריכטער].

## מען טאָר זיך אויך נישט אָנשפּאַרן אָן אַ באַנק.

(וואַרשעווער לאַנד־ און גראָד־אַקטן, נ"ר 1, ז. 211).

לויט דער פאַראָרדנונג פונם האַר ריכטער האָט אויך דער [וואַרשעווער] ייד אַלעקסאַנדער באַצאָלט דעם קנס, ווייל ער איז געשטאַנען [פאַרן געריכט] און זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ באַנק.

## מען טאָר אויך נישט זיין קיין זולל וסובא.

(וואַרשעווער לאַנד־ און גראָד־אַקטן, נ"ר 2. 1242).

יאָר 1451.

דער [וואַרשעווער] ייד אברהם האָט באַצאָלט דעם קנס לטובת

1) דער פּסק־דין איז אומבאַקאַנט. די סיבה דערפון איז די, אַז די דעמאָלטיקע געריכטס־קאַנצעלאַריע האָט — צוליב דעם אַלגעמיין־נידעריקן קולטור־מצב — שטאַרק אונטערגעהינקט. דעריבער זענען זייער אָפט נישט באַקאַנט די פּסק־דינים פון די דעמאָלטיקע געריכטן. אינם געגעבענעם פאַל קאָן אויך געמאָלט זיין, אַז די צדדים זענען מושווה געוואָרן פאַרן אַרויסגעבן דעם פּסק־דין.

דעם געריכט, ווייל ער האָט נישט אַוועקגעלייגט דאָס עסן, בעת ער איז געקומען אין געריכט.

## דער געלטפעלשער, דער ייד פעטער פאַרברענט אויפן שייטער־הויפן אין קראָקע.

(י. דלוגאָש: צוועלף בענדער פוילישע געשיכטע, ב. III, ז. 3).

יאָר 1406.

אַ קראָקעווער ייד מיטן נאָמען פעטער איז געכאַפּט געוואָרן און באַשולדיקט אין נאָכמאַכן געלט פון די שלעזישע פירשטן און אין לאָזן עס צווישן די קיניגלעכע מטבעות. ער האָט דערפון געצויגן גרויסע רוחים, דער „רעפּובליק" [1]) אָבער האָט ער פאַרשאַפט אַ שאָדן, דעריבער האָט אים דאָס געריכט פאַרמשפּט אויף פאָלגנדער שטראָף: מען האָט אים אַרומגעפירט איבערן מאַרק און איבער די גאַסן פון קראָקע אין אַ קרוין אויסגעזעצט מיט מטבעות, צווישן וועלכע מען האָט אַריינגעשטעקט געפעלשטע, דורך אים נאָכגעמאַכטע מטבעות, אַחוץ דעם האָבן די דינער אויסגערופן זיין חטא און דערנאָך האָט מען אים פאַרברענט אויפן שייטער־הויפן.

## 3. לעגענדעס.

### די לעגענדע וועגן אסתּרקען לויט דלוגאָשן.

(י. דלוגאָש: צוועלף בענדער פוילישע געשיכטע, III, בוך IX, ז. 243).

.......דעם קיניג קאַזשימיערזש דעם גרויסן איז נמאס געוואָרן זיין ווייב אַדעליידע, ער דערלויבט איר פירשטלעכן פאָטער פון העסן זי אָפּצופירן אַ היים און האָט זיך פאַרבונדן מיט דער טשעשקע ראָקיטשאַנאַ; אָבער גאָר אינגיכן וואַרפט ער זי אויך אַוועק און נעמט זיך פאַר אַ קעבס־ווייב די יידישקע אסתּרקע, אונטער איר השפעה גיט ער די יידן אַ סך רעכט און פרייהייטן.

---

1) פוילן איז דעמאָלט געווען אַ קיניגרייך, נישט געקוקט דערויף האָט מען עס אין די צייטן פונם אמאָליקן אומאָפּהענגיקן פוילן געוויינלעך גערופן „רעפּובליק" (ושעטשפּאָספּאָליטאַ). דאָס האָט אָבער דעמאָלט באַטייט די כלל־זאַך, די מלוכה, האָט איז אַן אייגנס פון דער גאַנצער שלאַכטע.

.....הגם דער קיניג קאַזשימיערזש האָט זיך צוליב איר חן שטאַרק פאַר ליבט אין דעם דערמאָנטן קייבס-ווייב ראָקיטשאַנאַ, אָבער ווען איינער פון זיינע בני-בית האָט פאַר אים אַנטפּלעקט, אַז זי האָט אַ פליכעוואַטן אומריינעם קאָפּ, האָט דער קיניג לכתחילה נישט געגלייבט אין דערדאָזיקער מסירה, אַז ער האָט זיך אָבער באַשיינפערלעך איבערצייגט, האָט ער זי פון זיך תיכף דערוויייטערט און אויף איר אָרט גענומען פאַר אַ קייבס-ווייב די יפת-תואר, די יידישקע, אסתר. מיט איר האָט ער געהאַט צוויי זין: ניעמירא און פעלקא. אויף דער בקשה פון זיין געליבטער, דער יידישקע אסתר האָט ער די יידן, וואָס ווינען אין קיניגרייך פוילן, געגעבן גרויסע פרייהייטן און זכיות (פּריווילעגן) בכתב, אַרויסגעגעבן אינם נאָמען פון קיניג, וועלכע אַ טייל האָט געהאַלטן פאַר געפעלשטע און אין וועלכע ס'איז דאָ נישט ווייניק עוולות און חלול-השם. דידאָזיקע מיאוסע פּריווילעגן האָבן זיך אויפגעהיט ביזן היינטיקן טאָג. איינער פון דידאָזיקע קיניגלעכע זין, געבוירן פון דער יידישקע, פעלקא איז געשטאָרבן מיט אַ געוויינלעכן טויט; דער צווייטער ניעמירא, וועלכער האָט נאָך קאַזשימיערזשס טויט געדינט ביי וולאַדיסלאַוו, דעם ליטווישן פירשט און דערנאָך דעם פוילישן קיניג, איז דערהרגעט געוואָרן בעתן סכסוך, וואָס איז אויסגעבראָכן אין קאָפּרזשיווניץ צווישן די שטאָטסלייט צוליבן אויספרעסן ביי זיי צופיל פּאָדוואָדעס [1]. דאָס איז אויך געווען אַ חרפה, אַז מען האָט דערלויבט — ווי מענטשן דערציילן — די טעכטער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פון יענער יידישקע אסתר, איבערצוגיין צום יידישן גלויבן.

# 4. שפּראַך און נעמען.

## פּיי־ערלעכע דערקלערונג ד. א. ג. אורפעדע פונם פוילישן ייד יקותיאל פאַרן שטאָט־ראַט אין ברעסלע, געשריבן מיטן העברעישן אַלף־בית.

(הוספה IV, ב. III (M. Brann: Geschichte der Juden in Schlesien,

איך יקותיאל יודא איטוון בינוש יודן זינא (זון) בקינא (בעקענע) מיט דיזס בריבא (בריוו) אַללן, די אין זעהן הירן (הערן) אודר לעזן דז איך

[1] פּאָדוואָדאַ, אַן אָפּצאָל, וועלכער האָט פאַרטרעטן די אַמאָליקע פליכט פון די אונטערטאַנען איבערצופירן דעם קיניג מיט זיין סוויטע אָדער זיינע באַאַמטע פון איין אָרט אין אַ צווייטן אָרט.

גלונ֗ט האבא אונ׳ גלובאַ אין קראַפט דיש (דיזעס) בריבש ווילּיקלּיכן [גוטווילּיקן] און אונא נטוונגן (אָן צוואַנג) ביי מיינס יודישן רעכט אונ׳ איידא מיט אופגידקטן בינגרן (פינגער) קיגן דער זונא בון (פון) דער בורקלּאגא, ווענן די איך אובר די שטאָט בריסלּא (ברעסלּע) [אונ׳ רטמנא אירברי] הורן גטאן הבא, דש (דאָס) איך דש די שטאָט אונ׳ רטמנא אלּלא מיטננד [ר דעש וידר] אנטשולּדיגן אונ בור אנטוורטן וויל בור דעמא (דעם) הירן קוניג בון פולאן [מיינם הורן אונ׳ רעטין] און שטיטן אונ׳ רעטין, ווא דש גשעהן אישט בור אלּלער מניקל [יכן גיישטלּיך אונ׳ וו]עלּטליך אונ׳ גלובא בורבש מי קיינא קלּאגא בון זולּכר, זאכן [ווענן אובר די שטאָט] אונ׳ זי ניכט צו טאון דורך מיך, נ֗יינע ברונדלּ (פריינדע) נוך דורך [אירג] נדש [אימנדש אנדרש ווערדר] אופנבאר זיך אין קיינר וויזא, זונדר איך דאנקא מין לּיבש אונ׳ גוטש קיינן דר שטאט רטמנן] אירברן הירן אונ׳ בור ווילּא מיך אבא איך דש ניכטן טיטא אונ׳ דש [בריבא מיט וורטן] אודר מיט ווערקן אונ׳ דש מיט רעדלּיכר וויש שאפט [דר גוטש] אובר וונדן ווא [רדא דש איך מיך דש] ניכט בור ענטווטן קונדא דש איך דרומא לּייבש אונ׳ גוטיש זאלּ בור באו[לּין זיין]. דש צו באַקינטניש האבא איך אי גננטר (גענאנטער) יקותיאלּ מיין יִדיש זיגלּ אונ׳ [דיזן בריבא] מיט רעכטר ווישן גהאנגען גנעבן. צו בריסלּא אנדעמא אירשטן מאנטאג דש מאנדש ניסן אמן יידישער צאלּן בינף טאוזנט יאר אונ׳ הונדרט יאָר אונ׳ דרצן אין דעמא ונווא אונ׳ ווינציקשטן יאר נאך אנבנגן אונ׳ שיפפונגא [באַשאַפונג] אלּלר קריאטר זונדר גוטא (גאט) אלּיין״.

איבערזעצונג אין יידיש.

איך, יקותיאל דער ייד, דער זון פונם ייד ביניש, באַשטעטיק מיט דעמדאָזיקן בריוו אַלע, וואָס וועלן אים זען, הערן אָדער לייענען, אַז איך האָב מבטיח געווען און בין מבטיח מיטן כוח פון דעמדאָזיקן בריוו גערנווילּיק און אָן נייטונג ביי מיין יידישן דין און ביי מיין שבועה מיט פינגער, אויפגעהויבענע צו דער זון, וועגן דעם אָנקלאָג, וואָס איך האָב אָנגעגעבן אויף דער שטאָט ברעסלע און אירע ראַטמענער די חשובע האַרן:

אַז איך וועל די שטאָט און די ראַטמענער אַלע מיטאַנאַנדער צוריק אַנטשולדיקן און פאַרענטפערן פאַר דעם קיניג פון פוילן מיין האַר און פאַר זיינע ראַטגעבער אין די שטעט און [ז י י ע ר ע] ראַטן. דאָס איז געשען, פאַר אַלעמען באַגלייך, גייסטלעכע און וועלטלעכע.

און איך בין מבטיח, אַז אויף להבא וועל איך מער נישט אַרויסגיין מיט קיין אָנקלאָג וועגן אַזאַ ענין אַנטקעגן דער שטאָט, און איך וועל דאָס נישט טון נישט דורך מיינע פריינט און נישט דורך עמעצן אַנדערש, נישט עפנטלעך און נישט אויף וועלכן עס איז אופן, נאָר איך דאַנק זייער און זייער די שטאָט-ראַטמענער, די חשובע האַרן.

און איך דערקלער בפירוש, אַז אויב איך וועל דאָס נישט טון און איך וועל דאָס ברעכן מיט מעשים אָדער מיט ווערטער און מ׳וועט דאָס מיר אויפווייזן אויף אַן אמת און איך וועל זיך נישט קאָנען דערין פאַרענטפערן, זאָל איך זיין פאַרפאַלן מיטן לעבן און פאַרמעג.

דאָס צו באַשטעטיקן האָב איך, דער פריער אָנגערופענער יקותיאל, מיטן קלאָרן ווילן צוגעהאָנגען צו דעמדאָזיקן בריוו מיין יידיש זיגל.

געגעבן אין ברעסלע, דעם ערשטן מאָנטיק אין חודש ניסן, לויט דער יידישער ציילונג פינף טויזנט יאָר און הונדערט יאָר און דערצו אין דעם פינף און נייַנציקסטן יאָר נאָכן אָנפאַנג און נאָך דער באַשאַפונג פון אַלע באַשעפענישן אַחוץ גאָט אַליין [1].

## דאָס עדות-זאָגן פון יידן אין געריכט אין דער פוילישער שפּראַך.

(וואַרשעווער לאַנד- און גראָד-אַקטן, נ״ר 1, ז. 182).

יאָר 1425.

Jako ya nerossbil (nie rozbił) Adassinam domu anym yey ran zadawal....

---

1) וועגן דעם אָנהייב פון דער יידישער שפּראַך, וועגן איר עלטער זענען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען. ד״ר שיפּער, למשל, האַלט, אַז שוין אין XIII י״ה האָט זיך אין די דייטשישע ישובים אָנגעהויבן שאַפן אַן איינגנאַרטיקע אומגאַנגס-שפּראַך, וועלכע ווערט אָנגערופן אין די מקורים „לשון-אשכנז". דידאָזיקע שפּראַך איז אַנטשטאַנען אונטער דער השפּעה פון די איבער-דייטשישע דיאַלעקטן, העברעיש און ראָמאַניש. דידאָזיקע „אשכנז-שפּראַך" האָט זיך אונטערשיידט פון דער דייטשישער שפּראַך מיט איר פאַראיינפאַכונג; פאַרשידענע פאָרמען זענען פאַרביטן געוואָרן דורך אומשרייבונגען. די סיבה דערפון, וואָס דייטשישע יידן, קומענדיק קיין פוילן אין XIV—XV י״ה, האָבן נישט — ווי אין אַנדערע לענדער — איבערגענומען די לאַנד-שפּראַך, נעמט זיך דערפון, אַז דייטש איז דעמאָלט צוליב דער מאַסן-קאָלאָניזאַציע אין פוילן געווען די אומגאַנגס-שפּראַך פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. ממילא איז נישט געווען קיין באָדן פאַר דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע מיט די פּאָליאַקן. דער אויבן-געבראַכטער דאָקומענט, איז איינער פון די עלטסטע שפורן פון „לשון-אשכנז" אין פוילן.

די מיינונג פון ד״ר שיפּער וועגן „לשון-אשכנז" איז דערווייַלע נישט אָנגענומען דורך אַלע פילאָלאָגן.

Jako ya tho wey(m) Jacub ne rosbil adassina domo any yey thamo ran zadawal.

(אין דעמדאָזיקן ענין אַן אנדער עדות-זאָגן).

Yako ya nesromoczel Adassy w yey domo anymi yey policzkow zadawal.

## די נעמען און פאַמיליעס פון די ליטוויש-פוילישע יידן [1].

(ד"ר י. שיפּער: די קולטור-געשיכטע פון די יידן אין פוילן בעתן מיטלאַלטער, קאַפּיטל VIII, און הוספה; וואַרשעווער גראָד- און לאַנד-אַקטן).

העברעישע: א) מענלעכע: איסערל [פון ישראל], סמערלין [פון שמריהו, שמערל], שאַבדאַי [פון זבדי], כאַנאַאַן [פון כנען], ירדן, פּעשאַך [פסח], כאַוויע [פון רחביה].

ב) פרויען-נעמען: מעריאַנאַ [פון מרים], מינכע [פון מנוחה].

סלאַווישע אָדער סלאַוויזירטע: א) מענלעכע: קלאַפּיטש, דאָבּרענסקאַ, לעווקאָ [פון לעוו-לייב], מוסקאָ [פון משה], פּיכאַטש, קאַמכען, בלאָפּקאָ, עלען, [יעלען], סאָקאָל, פּשטשאָלקאַ;

ב) פרויען-נעמען: גזשיווקאַ, סלאַוואַ, טשאַרנולאַ, קראַססאַ, זוואָנקאַ, [ס'קאָן זיין איבערגעזעצט פונם דייטשישן גלעקל], דאָבּריכנאַ, וויטאָסלאַוואַ.

---

1) די נעמען פון די פויליש-ליטווישע יידן זענען אונז באַקאַנט בלויז ווי זיי האָבן געקלונגען אין מויל פון פוילישן געריכטס-שרייבער, וואָרים — ווי שוין דערמאָנט — נעמען מיר אונזערע ידיעות וועגן די פוילישע יידן אין מיטלאַלטער אויסשליסלעך פון פוילישע מקורים. די קריסטלעכע שרייבער פלעגן אַ טייל נעמען פאַרטייטשן אויף זייער שפּראַך, מאַנכע פאַרדרייען און בכלל באַמיט זיך זיי צו אַסימילירן מיט דער לאַנד-שפּראַך. אַ טייל היסטאָריקער מאַכן פון די יידישע נעמען ווייכטיקע אויספירן בנוגע דער אָפּשטאַמונג פון די פוילישע יידן, זייער שפּראַך א. ד. גל. פאַר די יידן פון מזרח-פוילן און ליטע זענען כאַראַקטעריסטיש די ענדונגען „יק" (סאָניק), „קאָ"— מאָשקאָ, וואָלטשקאָ א. אַ. דאָס באַווייזט, אַז די מזרחדיקע יידן זענען אין פרט פון נעמען [וועגן ווייסט צי נישט אין פרט פון שפּראַך, מנהגים א. ד. גל.] געווען מערער אַסימילירט, ווי די יידן פון מערב-פוילן. דאָס שטייט אפשר אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס די יידן פון מזרח-פוילן זענען שוין אין מיטלאַלטער געווען גאָר שטאַרק פאַר-טרעטן אין דער לאַנדווירטשאַפט, ממילא אַלזוי געלעבט אין דאָרף און מערער אונטערליגן דער השפּעה פון דער סביבה.

## דייטשישע און פאַרדייטשטע נעמען.

א) מענלעכע: יאַקעל [פון יעקב], יאָסמאַן [פון גאָטעסמאַן [פון גאָטעסמאַן — איש-אלהים משה], זעלמאַן, מיסטערלין [—מייסטערליין—רב אין דייטשלאַנד], וואָלטשקאָ [פונם דייטשישן וואָלף].

ב) פרויען-נעמען: דיכליבאַ [פון דייטשישן דיך ליעבע], אדעל.

## ראָמאַנישע, גריכישע און טערקישע.

שפרינצע [פונם ראָמאַנישן עספעראַנצאַ — האָפנונג], בעליאַ [פונם ראָמ. בעלאַ], פילימאָן, פאָפאַטש [פונם גריכישן פאָפאָס], אַטהבאַ [פונם טערקישן אַטאַבעי].

נעמען, וואָס באַצייכנען אַ פאַך: א). צאָלנער [—צעלנער] שקליאַרזש, קאָמכאַזש א. ד. גל., ב). דעם מין אָדער עלטער: דיעטקאָ [—קינד], דיעד [—דיאַד—זיידע], פעטער, מיידאַ א. אַ. וו. ג). פיזישע אייגנשאַפטן: דלוגי [—לאַנגער], שיינא, קושיוואָנאָס [—קרומע נאָז], גלוכי א. ד. גל.

# 5. מצבות.

(Brann: Geschichte der Juden in Schlesien 1896, XIII).

### אַ מצבה אין שווײדניץ פון יאָר 1270.

| | |
|---|---|
| ציון [הלזה הוקם] | דידאָזיקע מצבה האָט מען געשטעלט |
| אשה מ׳ חנה בת מור׳ [1] | פאַר דער פרוי חנה, דער טאָכטער פון מורנו |
| יצחק שנפטר.... | יצחקן, וועלכער איז געשטאָרבן.... |
| במרחשון לפרט [2] ל״א | אין מרחשון, 31 יאָר פון דער קליינער רעכנונג, |
| תנצבה [3] | זאָל איר נשמה זיין געבונדן מיטן בונד פון לעבן. |

1) מורינו אויף אַראַמעיש טייטש „אונזער האר״, אַ טיטל, וועלכן מען גיט די תלמידי-חכמים.

2) פרט קטן „פון קליינעם רעכנונג״ ד״ה, די דאַטע נאָכן אָפּלאָזן די יאָר-טויזנטער, אין דעם פאַל 31, שטאָט 5031.

3) תנצבה, די ראשי-תיבות פון די ווערטער: תהא נפשו צרורה בצרור החיים, לויט שמואל I, קאַפּיטל 25, פסוק 29. אַן אויפשריפט, וועלכע מען געפינט נאָך היינט אויף מצבות.

# א מצבה אין ליססאַ פון יאָר 1345.

כאן נקבר איש גבר יבר לבב
נדכא ונשבר ר׳ שמעון בן
הח״ר יצחק אשר שפך דמות [1]
אכזרי צכעון הנרהק [2] ונתבקש
לצירת מעון בצל שוכן
שחק בכ״ט לראש חדש
שבט שנת מאה וחמש
לאלף השישי ויר [3] שיהיה
נוער אם בני עליה חנניה
מישאל ועזריה ואם [4]
הצדיקים בגן עדן
אמן אמן סלה
סלה סלה [5]

דאָ איז באַגראָבן געוואָרן אַן ערלעכער-מאַן, פון אַ לויטערן האַרץ, דערדריקט און צעבראָכן, ר׳ שמעון, דער זון פונם געערטן ר׳ יצחק, וועמענס בלוט ס׳האָט פאַרגאָסן אַן אכזריותדיקע נאָטער? און ער איז גערופן געוואָרן צו וווינען אינם שאָטן פון דעם, וואָס רוט אין די וואָלקנס, דעם 28 פונם ערשטן טאָג פון חודש שבט, דאָס יאָר הונדערט און פינף פון זעקסטן טויזנט. און זאָל זיין רצון, ער זאָל אויפשטיין צוזאַמען מיט די באַרימטע חנניה, מישאל און עזריה און צוזאַמען מיט אַלע צדיקים אין גן-עדן אמן אמן סלה.

---

1) דמות — דאָס איז אַ טעות, ס׳דאַרף זיין דמי.

2) על-פי-טעות איז „הנרהק", שטאָט הנרחק. דער היסטאָריקער קויפמאַן געפינט דאָ די השפעה פונם ביבלישן פסוק „יואל", קאַפּיטל 2, שורה 20.

3) ויר — אַ קיצור, שטאָט ויהי רצון.

4) דריי חברים פון דניאל, וועלכע זענען, לויט דער ביבלישער לעגענדע, אַרויס גאַנצערהייט פונם גליענדיקן קאַלך-אויוון.

5) דיזאָזיקע מצבה געפינט זיך נאָך היינט פאַר דעם הויז פון פּראָבאָשטש אין ליססאַ. אויף אַן ענלעכן שטייגער פלעגט מען אַמאָל אוועקשטעלן פאַר קירכעס געצנדינערישע אויסגראָבונגען.

6) ואם — פעלערהאַפט, ס׳דאַרף זיין ועם.

# VII. יידן אין ליטע.

## 1. פריווילעגן.

### דער פריווילעג פונם פירשט וויטאָלד לטובת די גראָדנער יידן.

בערשאַדסקי: דאָקומענטי אי רעגעסטי, ב. I, נ"ר 2, ליטווישע מעטריק, נ"ר 120, פאָליום 363.

יאָר 1389.

אינם נאָמען פונם האַר, אמן! מיר, אַלעקסאַנדער אָדער וויטאָלד [1] פון גאָטס גנאָד, פירשט פון ליטע און יורש פון גראָדנע, בריסק, דראָהיטשין, לויצק, לודמער און פון אַנדערע מדינות זענען מודיע: זיי [די גראָדנער יידן טראָגן נישט] קיין שום התחייבותן און צאָלן נישט קיין שום שטייערן לטובת אונזער אוצר, נישט פון די איצטיקע און נישט פון די שפּעטער איינגעקויפטע פּלעצער פון דעמדאָזיקן בית-עולם, ווי אויך פון די פּלעצער פון דער יידישער שול.

אַחוץ דעם דערלויבן מיר זיי צו ציען כּלערליי נוצן פון זייערע הייזער, צו האָבן אין זייערע הייזער שענקען מיט כּלערליי משקאות, [זיי האָבן רעכט] אויסצואַרבעטן [משקאות] אין זייערע הייזער און פירן אַ מסחר מיט געבראַכטע, זיי זענען אָבער מחויב צו געבן אַ יערלעכן אָפּצאָל פאַר אונזער אוצר.

זיי מעגן, גלייך ווי די שטאָטסלייט, פירן אַ מסחר אויפן מאַרק און אין די געוועלבער און אין די גאַסן; זיי איז דערלויבט צו טוען כּלערליי מלאכות.

---

1) אלעקסאנדער האָט דער ליטווישער גרויספירסט געהייסן, נאָכדעם ווי ער האָט אָנגענומען דאָס קריסטנטום, זיין געצנדינערישער נאָמען איז געווען ווי טאָלד (1392—1430).

די יידישע קצבים מעגן איינקויפן בהמות, ס׳איז זיי דערלויבט צו פאַרקויפן אויפן מאַרק און אין זייערע געוועלבער וועמען זיי ווילן [פלייש] צעהאַקט אויף גרויסע שטיקער, אויף פערטלעך און אויף קליינע שטיקער. זיי דאַרפן נישט געבן דערפון קיין שום אָפּצאָל פון פלייצעס און פון חלב.

זיי האָבן רעכט צו געניסן פון דער אַקער-ערד און פון לאָנקעס סיי די, וואָס זיי פאַרמאָגן אַצינד און סיי די, וואָס זיי וועלן שפּעטער איינקויפן און צאָלן פון זיי אַן אָפּצאָל, גלייך ווי די שטאָטסלייט.

מיר לאָזן אויך איבער פאַר די גראָדנער יידן אַנדערע רעכט און פרייהייטן, וועלכע ס׳זענען אין זיך כולל די פריווילעגן פון די בריסקער יידן, וואָס זיי האָבן באַקומען פון אונז אינם יאָר טויזנט דרייהונדערט אַכט און אַכציק [1].

כדי די אויבן-אויסגערעכנטע ענינים זאָלן בלייבן לעולם ועד, האָבן מיר זיי [די יידן] געגעבן אונזער בריוו און באַפעסטיקט אים מיט אונזער זיגל, אויסרעכנדיק דערביי די נעמען פון די עדות, וואָס זענען דערביי געווען.

דאָס איז געשען אין לוצק, פאַר דער חגא פון יאָהאַן דעם טויפער, אינם יאָר טויזנט דרייהונדערט ניין און אַכציקסטן זינט דער געבורט פון גאָטס זון, דעם אַכצטן פון חודש יוני, דעם דריטן אינדיקט [2].

## דער פריווילעג פון קאַזשימיעזש דעם יאַגיעללאָנער [3] פאַר די טראָקער קאַראַאימער.

(בערשאַדסקי: דאָקומענטי אי רעגעסטי, ב. I, נ״ר 3, ליטווישע מעטריק נ״ר 121, פאָליום 168).

27 מערץ 1441.

קאַזשימיעזש פון גאָטס גנאָד, גרויספירשט פון ליטע א. אַ. וו. מיר זענען מודיע אַלעמען..... היות ווי מיר באַגערן צוליב דער נויט פון אונזערע

---

1) דאָ רעדט זיך וועגן פריווילעג פאַר די בריסקער יידן פונם 1-טן יולי 1388; נאָך פריער, דעם 24 יוני 1388, האָט וויטאָלד אַרויסגעגעבן אַ פריווילעג די טראָקער יידן (טראָק, אַ שטעטל ביי ווילנע).

2) אַ ציקל פון 19 יאָרן, דריטער אינדיקט הייסט דאָ דאָס דריטע יאָר פונם געגעבענעם ציקל.

3) קאַזשימיעזש דער יאַגיעללאָנער האָט געהערשט אַלס קיניג פון פוילן פון

יידן [1]) אין טראָק און צוליב די שאָדנס, וואָס זיי האָבן איצט געליטן, צו פאַרבעסערן זייער מצב, בכדי זיי זאָלן זיך קאָנען אויפהויבן פון אַזאַ גרויסער אָרימקייט, האָבן מיר זיי געגעבן דאָס דייטשישע מאַגדעבורגער רעכט. מיר גיבן עס דערמיט און מיר באַשענקן זיי מיט דעם. דאָסדאָזיקע [מ אַ ג ד ע־ ב ו ר ג ע ר ר ע כ ט] וועלן די טראָקער יידן האָבן, זיי [ד אַ ר פ ן ע ס] אָפּהיטן.... בנוגע אַלע פּרטים און פּונקטן, ווי ס'לערנען דאָס די ביכער פון דעמדאָזיקן דייטשישן, מאַגדעבורגער רעכט און [ז י י ד אַ ר פ ן ע ס ה אַ ל ט ן] ווי דאָס־זעלבע טעווטאָנישע, מאַגדעבורגער רעכט ווערט געהאַלטן און אָפּגעהיט אין אונזערע אַנדערע שטעט, בפרט אין ווילנע, טראָק און קאָוונע.

דעריבער וועלן דיזעלבע טראָקער יידן נישט דאַרפן ענטפערן פאַר קיינעם, הן אין ענינים פון אַ גרעסערער וואָג, הן אין ענינים פון אַ קלענערער וואָג, ווי נאָר פאַרן יעדנמאָליקן וואָיט. ווידער, דער וואָיט [מוז], ווען ער וועט באַקומען אונזערס אַ לאָדונג, געחתמעט מיט אונזער זיגל, [ע נ ט פ ע ר ן] פאַר אונז אָדער פאַר אונזער בית-דין; און דער וואָיט מעג משפטן און אַרויסגעבן פּסק-דינס בלויז וועגן יידן, ווי דאָס איז אַן אַלגעמיינער מנהג אין אַנדערע שטעט, וואָס זענען געגרינדעט אויף דעמזעלבן טעווטאָנער, מאַגדעבורגער רעכט.

אַ חוץ דעם האָט קיין שום וואָיעוואָדע אָדער אונזער סטאַראָסטע אָדער זייער אַ פאַרטרעטער נישט קיין רעכט צו מישן זיך אין זייער מאַגדע־בורגער רעכט, סיידן ווען עמעצער פון די יידן, וואָס גענייסן פון דעם טעווטאָנער, מאַגדעבורגער רעכט, וועט האָבן עפּעס אַן ענין מיט אַ ליטווינער, אָדער אַ רוס, אָדער מיט אַזעלכן, וואָס אונטערליגט נישט דעם מאַגדעבורגער רעכט, [ד ע מ אָ ל ט] וועט זיי משפטן נישט דער וואָיט אַליין, נייערט צוזאַמען מיט אונזער וואָיעוואָדע אָדער זיין פאַרטרעטער.....

אַ חוץ דעם גיבן מיר דידאָזיקע טראָקער יידן אַ העלפט הכנסות פון דער וואָג און אַ העלפט הכנסות פון דער וואַקסזידעריי, אין וועלכער מען זידט-אויס וואַקס, מיט אַלע זיינע נוצן און הכנסות [2]).....

---

1447 ביז 1492. אײדער ער איז געוואָרן פוילישער קיניג איז ער פונם יאָר 1440 געווען גרויספירשט פון ליטע און אַלס אַזעלכער באַשענקט די טראָקער קאַראַאימער מיטן מאַגדעבורגער רעכט.

1) „יידן" רופט-אָן דער קיניג אינם פּריווילעג די טראָקער קאַראַאימער.

2) פאַרגלייך די אויטאָנאָמיע פון די קאַראַאימער מיט דער אויטאָנאָמיע פון די יידן אין פּוילן, לויטן קאַלישער סטאַטוט.

# 2. ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטנישן.

## די ליטווישע יידן — ערד־באַזיצער.

[בערשאַדסקי: דאָקומענטי אי רעגעסטי ק׳ איסטאָריי ליטאָווסקיך יעווריעוו, ב. I, נ״ר 5 (ליטווישע מעטריק, נ״ר 3)].

אין די יאָרן 78—1463.

פאָליום 33, אין בריסק [דליטאָ].

[דער ליטווישער גרויספירשט קאַזשימיעזש דער יאַגיעללאָנער גיט] דעם ייד לעווין שאַלאָמיטש צוויי זשרעבעס [1] פוסטע [פעלדער] אויפן דריטן [פעלד געפינען זיך] צוויי מענטשן [אונטערטעניקע פויערים, וועלכע] גיבן 40 גראָשן און 3 הענטלעך [2] האָניק. דידאָזיקע זשרעבעס הייסן: וואָראָנאָוו, ביקאָוו בלואוועניטשע.

פאָליום 33 (ב.). מען האָט נאָך דערלויבט לעווין שאַלאָמיטשן צו האַלטן דאָס דאָרף ניעוויעראָוואַ, וועלכעס ער האָט געקויפט פון ניעוויערן פאַר הונדערט שאָק גראָשן. פון דעמדאָזיקן דאָרף דאַרף ער אונז לייסטן אַזעלכע דינסטן, ווי ס׳פלעגט עס פריער טון ניעוויער [3]....

## ליטווישע יידן פאַכטערס פון עפנטלעכע אָפּצאָלן און פון קרעטשמעס.

(בערשאַדסקי: דאָקומענטי אי רעגעסטי, ב. I, נ״ר 11 (ליטווישע מעטריק, נ״ר 4, פאָליום 19).

7 יוני 1486.

קאַזשימיעזש.

דעם ברײנסקער שטאַטהאַלטער, וועלכע האַלט ביי אונז ברײנסק. מיר האָבן דעם קיעווער ייד מאָרדעטש [מרדכי] גאַבאַיעוויטשן און פערקאָ

---

1) די גרויס פון זשרעב איז געווען א פאַרשידענע, א גרויסער זשרעב האָט געהאַט 20 מאָרג.

2) א הענטל — א מאָס פון האָניק, וואָס האַלט פון 6—15 טעפּ [גאָרניעק].

3) אין קעגנזאַץ צו די יידן פון דער קרוין זענען די יידן פון די מזרחדיקע קאַנטן פון פוילן — ווי מיר האָבן עס שוין געזען בנוגע די רוסישע יידן — געווען

יודיניטשן פאַרקויפט אויף דריי יאָר פאַר דריי טויזנט שאָק ברייטע גראָשן און פאַר 60 שאָק גראָשן די מויט און דעם קאָפּ-שטייער פון בריינסק און די קרעטשמע און די הכנסות פון איבערפירן [סחורות] און די וואָג.

## בריסקער יידן האַנדלען מיט האָלץ.

(וואַרשעווער שעפּן-אַקטן, נ״ר 525, ז. 743).

יאָר 1443.

שאַנקאָ דער ייד פונם רייסישן בריסק איז געקומען אין געריכט צוזאַמען מיטן פאָרזיכטיקן מאַן מאַטשעי ביסטרקאָ, דעם בירגער פון דער ניי-שטאָט וואַרשע [1]) און האָט דערקלערט, אַז ער האָט דעם דערמאָנטן מאַטשעי ביסטרקאָ פאַרקויפט צוויי טויזנטער גוט, אויסגעסאָרטירט האָלץ צו אַכציק שאָק גראָשן פאַר אַ טויזנטער, צאָלבאַר און ליפערבאַר אָן שום אָפּהאַלט און מניעות אויף דער דאַנציקער לאָנקע. דערפאַר האָט אים מאַטשעי אויסגעצאָלט 22 שאָק [גראָשן] און הונדערט שאָק האַלבע גראָשן. טאָמער וועט אין דעמדאָזיקן וואַלד זיין אַביסל מערער האָלץ, האָט זיך דער דערמאָנטער מאַטשעי מתחייב געווען אַזוי צו צאָלן [דערפאַר] ווי מען צאָלט געוויינלעך פאַר גוט האָלץ. פונקט אַזוי האָט דערדאָזיקער שאַנקאָ גענומען אויף זיך די התחייבות, אַז אויב ס'וועלן אַרויסקומען געוויסע מניעות אָדער שאָדנס, וועט דערדאָזיקער שאַנקאָ זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע שאָדנס און מניעות. ס'איז געשען אינם יאָר 43, דעם ערשטן פרייטיק נאָכן הייליקן סטאַניסלאַוו [10 מאַי]. דערזעלבער מאַטשעי האָט אים אויך געגעבן אַ טיסן-האָלץ פאַר צוויי שאָק גראָשן [2]).

---

שטאַרק אַריינגעטון אין ערד-אַרבעט. דאָסדאָזיקע דרינגט-אַרויס נישט בלויז פון די אויבּיקע דאָקומענטן, נאָר אויך ביים פאַרגלייכן די פּריווילעגן פון די ליטווישע יידן מיט די פּריווילעגן פון די קרוין-יידן.

1) לעבן אַלט-וואַרשע האָט זיך געפונען אַ באַזונדערע יורידיקע, ניי-וואַרשע מיט באַזונדערע רעכט, מאַגיסטראַט א. אַ. וו.

2) ווי ס'איז צו זען פון דידאָזיקע צוויי דאָקומענטן האָבן די ליטוויש-רייסישע יידן געפירט אַ האַנדל מיט דאַנציק. דערדאָזיקער מסחר איז געוואָרן לעבעדיקער, צייט דעם דריטן צענטליק פונם XV-טן י״ה בעת די באַציִונגען מיטן טעווטאָנער אָרדן, וואָס האָט געהערשט איבער דאַנציק, זענען געוואָרן פרידלעכע. די יידישע סוחרים פירן-אַרויס קיין מערב-אייראָפּע דורך דאַנציק די לאַנד-פּראָדוקטן פון פוילן ווי האָלץ, תבואה, פּאָטאַש א. אַ. און ברענגען-אַריין אין לאַנד אויסאַרבעטונגען פון מערב בפרט בלעכליי שטאָפן. אויסער די רייסיש-ליטווישע האָבן אויך אָנטיילגענומען אינם דאָזיקן

## אָפּקלאַנגען פונם גירוש־ליטע [1].

א) [בערשאַדסקי: דאָקומענטי אי רעגעסטי, ב. I, נ"ר 28 (ליטווישע מעטריק, נ"ר 6, פּאָליום 102)].

26 יוני 1495.

אַלעקסאַנדער א. אַ. וו.

צום לויצקער סטאַראָסטע, דעם מאַרשאַלעק פון וואָלינער מדינה, צום קניאַזש [פירשט] סעמען יורעוויטש.

ס'האָבן זיך פאַר אונז פאַרקלאָגט אונזערע איידעלע: סאָראָקאַ און זיין קוזין, די געשוועסטער-קינדער פון אונזער שרייבער פעדקאָ גריגאָרעוויטש און האָבן אונז געבעטן צוויי יידישע פילוואַרקעס אין לויצקער פּאָוויאַט, [וואָס באַלאַנגען] צו יאַנקאָוון [יעקב] דעם שטאַמלדיקן און צו יצחק לעוואַנאָוויטשן, גערופן באָראָטינאָוו. מיר האָבן זיי געגעבן דידאָזיקע צוויי פילוואַרקעס און האָבן באַפוילן אונזער דיאַק איגניאַטעוון, ער זאָל זיי איבערגעבן דידאָזיקע פילוואַרקעס....

ב) [בערשאַדסקי: דאָקומענטי אי רעגעסטי, ב. I, נ"ר 29 (ליטווישע מעטריק נ"ר 6, פּאָליום 107)].

15 יוני 1495.

אַלעקסאַנדער אַליין פון גאָטס גנאָד צום ווילנער האַר, דעם גראָדנער שטאַטהאַלטער, דעם קניאַזש אַלעקסאַנדער יורעוויטש.

---

האנדל די יידן פון דער פּראָווינץ מאזאָוויע, וואָס האָט געגרענעצט מיט די אָרדן־לענדער (די קרשיזשאַקן).

1) אין חודש אַפּריל 1495 האָט דער דעמאָלטיקער גרויספירשט פון ליטע און דער שפּעטערדיקער פּוילישער קיניג אַלעקסאַנדער אַרויסגעגעבן אַ גזירה, לויט וועלכער אַלע ליטווישע יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די סיבות פונם גירוש זענען נישט אינגאַנצן באַוווּסט. ס'ווייזט אויס, אַז אַ גרויסע השפעה האָבן דאָ געהאַט די גרויסע חובות פונם קיניג. דאָס פאַרטרייבן די יידן פון לאַנד, דאָס קאָנפיסקירן די יידישע גיטער, דאָס איינמאָנען די יידישע חובות — דאָס אַלץ האָט געזאָלט פאַרריכטן די גרויספירשטלעכע פינאַנסן. ס'קאָן אויך געמאָלט זיין, אַז דאָ האָבן אויך געשפּילט אַ געוויסע ראָל אַנדערע טעמים, ווי למשל, די השפּעה פון זיין פרוי העלענע, די טאָכטער פון איוואַן דעם III, וועלכע איז פיינטלעך געווען געשטימט לגבי די יידן; דער ביישפּיל פון שפּאַניע, וועלכע האָט געהאַט פאַרטריבן אירע יידישע תושבים (אין 1492) א. אַ. וו.

די הייזער און די פּאָלוואַרקעס פון די גראָדנער יידן [דהיינו:
באָגדאַנצואוו [1] [וואָס האָט געהערט צום יידן] כאַצקאָוויטש און פליזין — פון
קונטשיצן צוזאַמען מיט די פעלדער און לאָנקעס און מיט דעם אַלעם, וואָס
געהער פון לאַנג צו דידאָזיקע פּאָלוואַרקעס האָבן מיר געגעבן דעם פירשט
וואָיטשעך, דעם ווילנער בישאָף.

## דער קיניג אַלעקסאַנדער באַשענקט דעם משומד אברהם עזאָפּאָוויטש [2] מיט גיטער.

[בערשאַדסקי: דאָקומענטי אי רעגעסטי, ב. I, נ״ר 42 (ליטווישע מעטריק, נ״ר 5, פּ. 312)].

17 יוני 1506.

אין גאָטס נאָמען, אמן! זעענדיק דעם געטרייען און גערעכטן איבער־געבענעם דינסט פונם איידלען אברהם עזאָפּאָוויטש, אַז ער האָט אין די איצטיקע צייטן בעתן אָנפאַל פון שׂונא אויף אונזערע גרענעץ־שלעסער און שטעט, תמיד אונז געדינט און נישט געזשאַלעוועט קיין בלוט און קרבנות און ווילנדיק אים באַפרידיקן ווי אַ געטרייען דינער און צו געבן אים מערער חשק און פלייס אונז ווייטער צו דינען, האָבן מיר [איך] פון אונזער גנאָד באַשאָנקען און געגעבן אים אַ נחלה אין ווילנער פּאָוויאַט, אינם דאָרף ראַקאָנטיש, וואָס הייסט וואָידוני. די מענטשן [אונטערטעניקע פויערים] פון דעם גוט הייסן..... (ס׳זענען אויסגערעכנט די נעמען פון די פויערים).

---

דער גירוש האָט אָבער קנאַפּ־וואָס געהאָלפן די פירשטלעכע פינאַנסן, פאַרקערט, זיין לאַגע האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט. דעריבער איז ער אינם יאָר 1503 שוין אַלס פּוילישער קיניג מסכים געווען דערלויבן די יידן אומצוקערן זיך אַ היים.

1) סיינער פּאָוויאַט.

2) אברהם עזאָפּאָוויטש געהערט צו די באַדייטנדסטע משפּחות אין ליטע. בעתן גירוש פון 1495 האָט ער, צוזאַמען מיט אַנדערע יידן, אָנגענומען דאָס קריסטנטום און דערפאַר בסדר געוואַקסן אין עשירות און כבוד. ער האָט באַקומען דעם אַדל מיטן הערב לעליוואַ, געוואָרן סטאַראָסטע אין סמאָלענסק און וואָיט אין מינסק. אין די צייטן פון זיגמונט דעם I־טן אין יאָר 1510 איז ער עולה־לגדולה געווען, ער איז געוואָרן פינאַנס־מיניסטער פון ליטע.

# VIII. יידן אין מאָסקווער מלוכה.

## די סעקטעס פון די „יודאַיזירנדיקע“ אין דער מאָסקווער מלוכה.

אין אַ געוויסער מאָס צוליב דער השפּעה פון ביזאַנץ, ווו ס'האָט תּמיד געהערשט אַ רירעוודיקע רעליגיעז-פילאָזאָפישע טעטיקייט, אַנטשטייט אין דער נישט-ווייטער מאָסקווער מלוכה אַ סעקטאַנטישע שטרעמונג, ד. א. ג. „זשידאָוו-סטוואָוישטשי“, וועלכע טרעט-אַרויס אַקעגן די עיקר-פּרינציפּן פון דער קריסטלעכער אמונה, ווי צ. ב., די געטלעכקייט פון קריסטוסן, דער גלויבן אין דער דרייאייניקייט א. ד. גל. דידאָזיקע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן אין נאָוואָגראָד, וועלכער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קאַליידאָסקאָפּ פון פעלקער און קולטורן. לויט די רייסישע כראָניקעס זאָל האָבן געמאַכט דעם אָנהויב פון דערדאָזיקער אַפּיקורסות דער קיעווער ייד זכריה. אינם יאָר 1471 איז ער געקומען קיין נאָוואָגראָד צוזאַמען מיטן פירשט מיכאַל אַלעקסאַנדראָוויטש לעלקאָוויטש, וועלכער איז אַהין געוואָרן גערופן דורך די איינוווינער פון נאָוואָגראָד, וועלכע האָבן מורא געהאַט פאַר דער פאַרכאַפּערישער פּאָליטיק פון מאָסקווע. אַ דאַנק זיין טיפער בילדונג און אָנגעזעענער שטעלונג אויפן פירשטלעכן הויף האָט ער פאַר זיין אידעע געוווּנען אַ סך אָנהענגער צווישן דער גייסטלעכקייט, צווישן זיי זענען געווען: די פּאָפּן אַלעקסיי און דיאָניזי און אַ סך אַנדערע. בעת דער גרויספירשט איוואַן וואַסיליעוויטש איז גראָד געקומען סוף 1479 קיין נאָוואָגראָד, האָבן די דערמאָנטע פּאָפּן געפונען גנאָד אין זיינע אויגן און זענען צוזאַמען מיט אים אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע. האָבנדיק אַ פרייען צוטריט צום הויף, האָבן זיי אין אַ קורצער צייט אַרום באַוויזן צו געווינען אַ סך אָנהענגער פאַר זייער אַפּיקורסישע תּורה צווישן דעם העכערן קלער און אַפילו אויפן פירשטלעכן הויף, דהיינו: דעם אַרכימאַנדריט [1]

1) אַרכימאַנדריט אינם פּראַװאָסלאַװנעם קלויסטער, אַ פּאָרטרעטער פון אַ גייסט-לעכער פונקציע, למשל, פון אַ בישאָף, פּריאָר א. ד. גל.

פון שימאַנאָווער קלויסטער מיטן נאָמען זאָסימאַס, דעם קאַנצלער פיעדאָר קורישינען און אַפילו די שנור פונם גרויספירשט העלענאַ.

אַקעגן דערדאָזיקער סעקטע איז שאַרף אַרויסגעטרעטן דער נאָוואָגראָדער בישאָף געננאַדיוס. זיין אַקציע איז אָבער געבליבן אָן דערפאָלג, זי האָט נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג, נישט ביי די העכערע קירכלעכע ספערן און נישט ביים גרויספירשט, וואָרים די השפעה פון די אַפּיקורסים האָט אַפילו דאָרט געגרייכט. ס'האָבן אויך קנאַפּ-וואָס געהאָלפן די החלטות פון די סינאָדן [1] אין די יאָרן 1488 און 1490, די אַפּיקורסות האָט זיך אַלץ ווייטער פאַרשפּרייט, אַפילו דעם העכסטן אַמט אין דער רייסישער קירך האָט פאַרנומען דער אָנהענגער פון די אַפּיקורסים, דער מעטראָפּאָליט זאָסימאַס.

ערשט דאָס באַווייזן זיך פון יוזעף סאַנין, דעם באַגרינדער פון דעם וואָלאָקאַלאַמער קלויסטער, הייבט-אָן אַ נייע תקופה אינם קאַמף מיטן אַפּיקורסות. באַוואָפנט מיט אַ קאָלאָסאַלער ענערגיע און אַ גרויסן ליטעראַרישן טאַלאַנט, באַקעמפט ער ענערגיש די אַפּיקורסות אין וואָרט און אין שריפט, בפרט שאַרף טרעט ער אַרויס אַקעגן דעם מעטראָפּאָליט, ער רופט אים יודאַש און אַנטי-קריסט. אומפאַרהאָפטע פּאָליטישע געשעענישן האָבן צוגעאיילט דעם סוף פון דער אַפּיקורסות און האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער ביזאיצט טאָלעראַנטער באַציִונג פון די מאָסקווער גרויספירשטן. בעת דעם אינטעררעגנום [2] זענען אויפן הויף אַנטשטאַנען צוויי פאַרטייען: איינע, צוזאַמענגעשטעלט פון פּראַוואָ-סלאַוונע, האָט אויפן גרויספירשטלעכן טראָן געוואָלט אַרויפזעצן דעם ייִנגערן זון פון גרויספירשט פון דער ערשטער חתונה מיט זאָפיאַ פון די פּאַלעאָלאָגן; די צווייטע פאַרטיי, די אַפּיקורסישע, האָט אונטערגעשטיצט העלענאַס זון — דימיטער. אינם יאָר 1502 האָט איוואַן [3] אַריינגעוואָרפן אין תפיסה העלענאַ מיט איר זון דימיטרן. יוזעף וואָלאָקאָלאָמסקי האָט געהאַלטן דעם מאָמענט פאַר אַ פּאַסיקן צו דער ענדגילטיקער שלאַכט מיט די אַפּיקורסים. דער סינאָד פון י. 1504 איז גאָר שאַרף אַרויסגעטראָטן אַקעגן דער אַפּיקורסות. לויטן ביישפּיל פון שפּאַניע האָט מען די הויפּט-שולדיקע פאַרברענט אויפן שייטערהויפן, אַנדערע האָט מען פאַרמשפּט אויף תליה אָדער אויף אייביק פאַרמאַכט אין מאָנאַסטירן. די אַפּיקורסות, וועלכע איז דערשטיקט געוואָרן בפהרסיה האָט זיך אָבער ווייטער פאַרשפּרייט אין געהיים. ס'זענען שפּעטער אַנטשטאַנען אַ סך סעקטעס, פון וועלכע די צומיינסטן פאַרשפּרייטע איז געווען די סעקטע

---

1) סינאָד — אַן אסיפה פון די קירך-פאָרשטייער פון אַ געוויסן לאַנד אָדער פּראָווינץ.

2) פון לאַטייניש „צווישן קיניגן" ד. ה., צייט פון דעם טויט פון איין קיניג ביז צום איבערנעמען די מאַכט דורך אַ צווייטן.

3) איוואַן וואַסיליעוויטש III — געהערשט 1462—1505.

פון מאָלאָקאָלאַנען אָדער סובאָטניקעס. דער נאָמען סובאָטניקעס נעמט זיך פון אָפּהיטן שבת. נישט אומזיסט איז שפּעטער אַנטשטאַנען אין רוסלאַנד אַ שפּריכוואָרט „טשטאָ מוזשיק טאָ וויעראַ, טשטאָ באַבאַ טאָ טאָלק" (יעדער פּויער איז אַן אַנדער גלויבן, יעדע פרוי אַן אַנדערע מיינונג). דער אונטן־געבראַכטער דאָקומענט באַקענט אונז מיט די וויכטיקסטע פּרינציפּן פון די אַפּיקורסים.

(רעגעסטי אי נאַדפּיסי, ב. I, נ"ר 212).

(נאָוואָגראָדסקאַיאַ טשעטווערטאַיאַ לעטאָפּיס, ז. 158).

17 אָקטאָבער 1491.

אויפן סאָבאָר האָט מען באַטראַכט די פראַגע פון די פּושעים פון דער קריסטלעכער אמונה [ד. אַ. ג. זשידאָווסטוויושטי] דעם טשערניעץ (מאָנאַך) זאַכאַריאַש [זכריה] און זיינע חברים, דעם נאָוואָגראָדער פּראָטאָ־פּאָפּ גבריאל, דעם אַרכאַנגעלישן פּאָפּ דעניס און דעם איוואַנער פּאָפּ מאַקסים, דעם פּאָקראָווער פּאָפּ וואַסיל..... (ס׳זענען נאָך אויסגערעכנט 4 פּאָפּן) און זייערע אָנהענגער, וועלכע פלייסן זיך חרוב צו מאַכן די ריינע און אומשול־דיקע פּראַוואָסלאַוונע אמונה און דעם, אין דער דרייאייניקייט געבענטשטן גאָט קריסטוס און [באַמיען] זיך צו אונטערצוברענגען קריסטוסעס סטאַדע: דאָס פּראַוואָסלאַוונע קריסטנטום.

זיי דערציילן וועגן אונזער האַר יעזוס קריסטוס גאָטס זון: „ווי קאָן גאָט אַראָפּגיין אויף דער ערד און געבוירן ווערן ווי אַ מענטש פון אַ בתולה", ס׳איז אָבער נישט אַזוי; „אַלס אַ נביא איז ער ענלעך צו משהן, אָבער ער איז נישט גלייך צו גאָט", זיי גלויבן אויך נישט אין דער אומבאַפלעקטער שוואַנגערשאַפט פון דער הייליקער בתולה, נישט אין זיין [קריסטוסעס] אויפשטיין תחית-המתים, זיי גיבן אויך נישט אָפּ כבוד דעם בילד, וואָס איז אויפגע־צייכנט אויף די איקאָנעס [1] [אויף וועלכע ס׳איז פאָרגעשטעלט] אונזער האַר יעזוס קריסטוס גאָטס זון אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, [זיי גיבן אויך נישט אָפּ קיין כבוד] דעם בילד פון דער סאַמע ריינסטער [גאָטס מוטער], און [אָנערקענען] נישט זיינע הייליקע, פאַרקערט, זיי זידלען זיי [די בילדער] און באַליידיקן, זאָגנדיק: „דאָס זענען ווערק פון מענטשלעכע הענט, זיי האָבן מיילער און רעדן נישט וכדומה"...... תפילות ריכטן זיי אָפּ עסנדיק און טרינקנדיק און קריסטוסעס גוף האַלטן זיי נישט

1) הייליקע בילדער אינם פּראַוואָסלאַווענעם קלויסטער.

פּאַר עפּעס אַנדערש ווי פּאַר פּשוט ברויט און קריסטוסעס בלוט פּאַר פּשוטן ווייַן. זיי שאַפן אַ סך אַנדערע אַפּיקורסותן, וועלכע זענען סותר די תּורות פון די הייליקע אַפּאָסטאָלן און פון די הייליקע פּאָטערס, זיי האַלטן זיך צומייַנסטן אָנגם אַלטן טעסטאַמענט, זיי ריכטן-אָפּ דעם יידישן פּסח, מיטוואָך און דאָנערשטיק עסן זיי פלייש און טרינקען מילך; זיי טוען אויך אָפּ אַנדערע אַפּיקורסישע שטיק, וועלכע מען קאָן נישט איבערגעבן בכתב און אַ סך פּשוטע מענטשן האָבן זיי פאַרפירט מיט זייערע מיאוסע אַפּיקורסישקייטן [1].

## לעאָן, דער ווענעדיקער ייד, דאָקטער אין מאָסקווע.

**א)** (רעגעסטי אי נאַדפּיסי, I, נ"ר 205).

[פּיערוואַיאַ סאָפּייסקאַיאַ ליעטאָפּיס, ז. 37].

7 מערץ 1490.

דעם ווינטער איז פון רוים געקומען קיין מאָסקווע דער ברודער פון דער גרויספירשטין, אַנדזשעי טאָמיטש.... און געבראַכט צום גרויספירשט דעם דאָקטער מאַעסטראָ לעאָן, אַ ווענעדיקער ייד.

**ב)** (רעגעסטי אי נאַדפּיסי, I, נ"ר 207).

22 אַפּריל 1490.

(פּיערוואַיאַ סאָפּייסקאַיאַ ליעטאָפּיס, ז. 239).

דעם 7-טן מערץ דעם ווינטער איז געשטאָרבן [איוואַן וואַסיליע-וויטש] עלטסטער זון, דער גרויספירשט איוואַן איוואַנאָוויטש, 32 יאָר אַלט.

---

1) פון דעם געבראַכטן דאָקומענט איז צו זען, אז דידאָזיקע סעקטע איז ענלעך געווען צו דער פּוילישער סעקטע אַנטיטרינימאַריער [ד. ה., די קעגנער פון דער הייליקער דרייאייניקייט], וועלכע איז געווען אין אָפּשפּאַלטונג מיט דער סעקטע אַריאַנער. אָפּ-האַרפנדיק דעם פּרינציפּ פון דרייאייניקייט און האַלטנדיק, אַז קריסטוס איז נישט קיין גאָט, נאָר אַ מענטש, האָבן זיי זיך דערנענטערט צום ריינעם מאָנאָטעיזם, אַזוי אַרום צו דער יידישער רעליגיע. אַ טייל פון זיי איז טאַקע, פּונקט ווי די אויבן דערמאָנטע סעקטע, דערגאַנגען צום יידישן גלויבן. אין די פּוילישע קוועלן ווערן זיי דערייבער אָנגערופן „יודאַיזירנדיקע", וואָס איז דער טייטש דאָסזעלבע, „זשי-דאָווסטוויושטשי", ד. ה., די, וואָס האַלטן פון געוויסע פּרינציפּן פון דער יידישער אמונה, וואָס זענען צו איר נוטה.

ער איז קראַנק געווען אויף פּאָדאַגרע אין די פיס; האָט דאָס דערזען דער דאָקטער, דער ייִד מאַעסטראָ לעאָן, האָט ער זיך באַרימט און אָנגערופן צו זיין פאָטער, דעם גרויספירשט איוואַן וואַסיליעוויטש: „איך וועל פון דער-דאָזיקער קרענק אויסהיילן דיין זון, דעם גרויספירשט איוואַן. וועל איך אים אָבער נישט אויסהיילן, קומט מיר טויט-שטראָף. און דער גרויספירשט האָט געטרויט זיינע ווערטער און האָט אים איבערגעגעבן דאָס היילן זיין זון, דעם גרויספירשט איוואַן; דער דאָקטער האָט אים געגעבן קרייטעכצער צום טרינקען און האָט אַרויפגעלייגט אויפן גוף גלעזער, אָנגעפילט מיט הייס וואַסער. דערפון איז אים געוואָרן ערגער און ער איז געשטאָרבן. דער גרויס-פירשט האָט געהייסן פאַרהאַלטן דעמדאָזיקן דאָקטער מאַעסטראָ לעאָן און אין 40 טאָג אַרום נאָכן טויט פון זיין זון, דעם גרויספירשט איוואַן, האָט מען אים געפירט צום טויט. מען האָט אים אָראָפּגענומען דעם קאָפּ אויף דער באַלוואַנאָוועקע [1] דעם 22 אַפּריל.

## דער בריוו פונם פירשט, דעם ייִד זכריה [2] צום גרויס-פירשט איוואַן וואַסילעוויטש.

(רעגעסטי אי נאַדפּיסי, I, נ"ר 199).

יאָר 8—1487.

דערדאָזיקער דאָקומענט איז אין זיך כולל [3] אַן אָפּשריפט פון זכריהס אַ בריוו צום גרויספירשט, וועלכן ער האָט צו אים געשיקט דורך [זיינ ער] באָגדאַן, געשריבן מיט לאַטייניש אותיות. זכריה מעלדעט — ווי

1) אַ פאָרשטאָט פון מאָסקווע.

2) ווי ס'איז צו זען פון די אויביקע דאָקומענטן, האָט קיין ייִדישער ישוב נישט עקזיסטירט אין מאָסקווער גרויספירשטנטום, דאָ און דאָרט באַווייזן זיך איינצלנע ייִדן וועלכע שפּילן, אגב, אַ גרויסע ראָלע. קיין ייִדישע קהילות זענען אָבער נישט געווען.

3) דער גרויספירשט פון מאָסקווע האָט זיך דעמאָלט געפּליִסט אויסצושפּרייטן זיין השפּעה אויפן קרים. אויף דעם געביט זענען אים שטאַרק בייהילפיק געווען איינצלנע ייִדן, דהיינו: כאָזי קאָקאָס פון קאַפאַ און זכריה. אַ דאַנק קאָקאָסן האָבן די מאָסקווער שליחים געהאַט אַ צוטריט צום טאָטערישן כאַן מענגלי גירעי. נישט קיין קלענערע דיפּלאָמאַטישע ראָל האָט געשפּילט דער אויבן-דערמאָנטער פירשט זכריה דע-גיזאָלפי, אַן איייניקל פון אַ גענועזישן ייִד, וועלכער האָט אינם יאָר 1419 איבער-געגעבן קרים אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון דער גענועזישער רעפּובליק. אין משך פון לאַנגע יאָרן איז זכריה געווען מאָסקוועס פאַרטרעטער ביי מענגלי גירעין.

ער האָט שוין צוויי מאָל געשריבן צום גרויספירשט — אַז ער איז אויפן וועג צו אים באַראַבעוועט געוואָרן דורכן וואָיעוואָדע סטעפאַן און אַז ער האָט דעריבער באַשלאָסן אומצוקערן זיך אַ היים. איצט דערקלערט ער זיין גרייטקייט אָנצונעמען דעם דינסט ביים גרויספירשט און קומען צו אים צופאָרן מיט זיין משפחה אָדער — אָפּהענגיק פונם פירשטס ווילן — לכתחלה אַליין. צוליב זיכערקייטס-טעמים בעט ער דעם פירשט, ער זאָל אים שיקן אַ באַגלייטער. צום סוף פאַרזיכערט ער דעם פירשט וועגן זיין צוגעבונדנקייט [צ ו  א י ם].
דעם 8 יוני 1487. דער גרויספירשט האָט אים דערויף געגעבן אַ פּאָזיטיוון ענטפער און [ג ל י י כ צ י י ט י ק] דורך אַ שליח געבעטן דעם טאָטערישן כאַן מענגלי גירעי, ער זאָל מיטגעבן זכריהן צוויי באַגלייטער אויפן וועג קיין מאָסקווע, אַחוץ דעם האָט ער נאָך אים צוגעשיקט איין טאָטער פון זיין סוויטע.

